


# שטערן

ליטעראַריש־
קינסטלערישער
און פּאָליטיש־
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש־
זשורנאַל

10

מינסק — 1939

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

1939 אָקטיאבער — פופצנטער יאָרגאנג — №10

אָרגאן פון פארבאנד סאָוועטישע שרייבער פון ווססר



ד. האָפשטיין

## אָשער שווארצמאנען

דײַן טײַערן נאָמען
די ווערטער די צארטסטע
פון הארצן פון מײַנעם.

דײַן טײַערן נאָמען
פון טאָמעד, אפ טאָמעד...

איך האָב אין דײַן נאָמען
זיי אלע געמאָלדן,
איך האָב אין דײַן נאָמען געבענטשט,
פארגעב מיר...
אמאָל אויך געשאָלטן.

איך ווייס, מײַן באצויבערטער ברודער,
מײַן ליכטיקער מענטש!
דײַן הארציקע ליד
האָט בענטשונג פארהיט,
איך ווייס, אז דו האָסט זיך פון שעלטן געווערט.

פארגעב מיר, מײַן ברודער, מײַן העלד!
דערפאר דאָך דײַן האנט האָט געהאלטן א שווערד,
קעגן פײַנטלעכער וועלט האָסטו האסטיק געשטעלט
די ביקס, וואָס אין פינגער אין יונגע געקריגן...
און איך האָב מײַן וואָרט דאָ געשמידט און געשליפן:
אויך האס און אויך גיפט זאָל עס טריפן...
פארגעב מיר.

אין נאָמען אין דײַנעם איך האָב זיי געמאָלדן,
איך האָב אין דײַן נאָמען געבענטשט.
פארגעב מיר...
אמאָל אויך געשאָלטן...

---

כ. טאבאטשניקאָוו

# קרויוימ

בא זאלמענ רימער אינ שטוב איז מענ די נאכט ניט געשלאָפנ, ניט מאכמעס אינ שטעטל איז געווענ אומרויִק,—ס׳איז גראָד געווענ שטיל, מע איז בא קיינעמ אינ די הענט ניט געווענ, ק״נ שומ מאכט האָט ניט געוועלטיקט אינ בארשעוו אונ דער־פאר טאקע האָט מענ זיכ געגרייט בא די בעלאָפּאָלכקימ צו דער מאָרגעדיקער סימכע מיט גאָר א באזונדערנ מינ כיישעק.

א קלייניקייַט, מע דארפ ייִדישנ דאָס קינד — דאָס ערשטע אייניקל.

אויב דער אויבערשטער האָט אימ שוינ יאָ באגליקט, זאלמענ דעמ רימער, מיט אזא טייַערער מאטאָנע, איז פארוואָס־זשע זאָל ער טאקע ניט מאכנ א קידעש ווי אינ די גוטע צייַטנ?

א גאנצע נאכט האָט מענ געהייצט דעמ אויוונ, געקאָכט אונ געבאקנ פונעמ שענסטנ אונ בעסטנ, אפילע צירעלע די קימפעטאָרנ, וואָס איז געלעגנ איינע אליינ אינ דער גרויסער הילצערנער בעט מיט די צוויי ליײבנ, וואָס שטייענ צוקאָפּנס אונ האלטנ ארויסגעשטעקט די פייַערדיקע צונגענ, איז אויכ געווענ וואכנדיק.

קיינער האָט ניט צוגעמאכט מיט קיינ אויג.

בא דער זייַט פונ דער הילצערנער בעט, אפ א פּאָלירט טישעלע האָט געברענט א קליינ גאזע־לעמפל, מע האָט ניט געוואָלט אָנצינדנ דעמ בליצ־לאָמפּ, וואָרעמ איר פענצטער גייט אקוראט ארויס צו דער גאס. צירעלע האָט אלע מינוט גערופנ עמעצנ פונ דער קיכ אָדער פונעמ עס־צימער, מע זאָל ארייַנגיינ צו איר אינ אלקער ארייַנ. זי וויל גאָרניט. זי וויל נאָר מע זאָל זיצנ לעבנ איר. אָבער אלע אינ שטוב זייַנענ געווענ פארנומענ, מאמעש ס׳איז געפאלנ פונ די הענט. מע האָט ניט געוווסט וואָס פריִער טאָנ. מע איז געווענ פארהאוועט, פארפּאָרעט, נאָר זאלמענ האָט זיכ געמוזט אָפּרייַסנ פונ אלע זייַנע ארבעטנ אונ לויפנ צו דער טאָכטער אינ אלקער.

זייער א מאָדנע איז זי, צירעלע, אָט וויל זי מע זאָל זייַנ מיט איר, רעדנ, פארברענגענ אונ אָט געפעלט איר ניט, ווענ נאָכ עמעצער געפינט זיכ אינ אלקער.

— זעצ זיך אנידער אפ דער אטאמאנקע, — בעט זי דעם טאטן, — דאָס געבעקס איז שוין פארטיק?

— אין פופצן מינוט ארום, — ענטפערט ער, — נעמט מען שוין ארויס די פאָרמעס פונעם אויוון.

ער ווישט ארום מיטן ארבל דעם שטערן.

— פארשטייסט, ווען ס'זאָל זײַן נאָך א מענטש אפ דער קיך, וואָלט מען זיך שוין לאנג אופאָרעט. ס'איז פאראן, קיינעמאָרע, טאָכטער מײַנע, נאָך אסאך ארבעט, איבערן האלדז און אפ איר קאָן מען זיך ניט פארלאָזן. אפ לייען מיין איך... קאם וואָס זי רירט זיך.

מער פרעגט אים צירעלע גאָרניט, נאָר ער דערציילט אליין, וויאזוי מע גרייט זיך צו דער מאָרגעדיקער סימכע, וואָס פאר אן עסנווארג עס וועט זײַן, און וואָס פאר א טאָרטן מע וועט דערלאנגען צום טיש.

— איך וויל ניט ס'זאָל געשטערט ווערן אונדזער גרויסע פרייד. ס'א שאָד, וואָס דער טאטע זײַנער — ווײַזט ער אָן אפן פיצל קינד — קען ניט קומען צו דער גליקלעכער צײַט.

צירעלע האָט טיף א זיפצ געטאָן.

— נישקאָשע, — מאכט דער טאטע צו איר, — וויפל, מיינסטו, קען עס געדויערן? נאָך א טאָג, נאָך צוויי, עס וועט דאָך סאָפקאָלסאָף מוזן נעמען אן עק. דערפאר צו זײַן בארמיצווע...

נאָר ווי ער האָט אויסגערעדט דאָס וואָרט „בארמיצווע", האָט צירעלע באהאלטן דעם פּאָנעם אין קישעלע און האָט זיך שטיל צעוויינט.

זאלמען איז אופגעשטאנען פון דער אטאמאנקע און זיך איבערגעבויגן איבער דער הילצערנער בעט, ער האָט זי גענומען גלעטן.

— מע דארף ניט, טאָכטער מײַנע, אפ מײַן וואָרט, מע דארף ניט, מיר זײַנען, באָרעכהאשעם, אלע געזונט און שטארק, עס פעלט אונדז, דאנקען גאָט, גאָרניט, לעמײַ־זשע זאָלסטו וויינען?

נאָר זי פראלט אויס מיט נאָך א שטארקערן געוויין.

ער ווישט ארום מיטן עק לײַלעך אירע אויגן. און רוקט זיך צו נעענטער צו איר.

— מיילע... וואָס זאָל מען טאָן, נעבעך א ביטערע צײַט.

צירעלע דרייט אויס דעם קאָפּ צום פאָטער און פארנעמט פון דער קישן אירע צעקאָשמעטע האָר. זי בעט, אז דער טאטע זאָל ארויסדרייען דאָס לעמפל.

— ס'איז מיר עפעס אזוי פינצטער אין די אויגן, — קלאָגט זי זיך.

— עפשער וואָלסטו געכאפט א דרעמל, קינד מײַנס, ס'איז האָך שוין אינמיטן דער נאכט.

— מע דארף זאָגן דער מאמען, — רופט זיך אָן צירעלע, — זי זאָל גיין זיך אביסל צושפארן, ס'איז דען פאר אירע קויכעס שטיין א גאנצע נאכט באם אויוון?

זאלמען פארשפאָרט גיין אין קיך ארײַן, זי וועט אים אלציינס ניט פאָלגן.

— אינדרויסן איז נאָך אלץ ניט אויסגעפאלן קיין שניי, — רעדט צירעלע צו זיך אליין, — עפעס א מאָדנער ווינטער...

— די פענצטער זײַנען דאווקע פארפרוירן, — מאכט זאלמען,— עס קאָן זײַן, אז אינגיכן וועט אויספאלן א שניי.

צירעלען ווײַזט זיך אויס, ווי פוכיקע שנייעלעך דרייען זיך, זעצן זיך אפ די וויִעס פון אירע אויגן.

האלב-דרעמלענדיק רעדט זי צום טאטן:

— לייזער וועט שוין קומען צופאָרן מיט א שליטן פון דער גרויסער שטאָט.

— אוודע, געוויס, מיט א שליטן וועט ער קומען.

זי דרעמלט איַין. א בלאסלעכע שײַן פונעם לעמפל פאלט אפ איר געזיכט. זאלמען לאָזט זיך גיין הינטערווײַלעכץ אפ די שפיץ פינגער און עפנט פאמעלעכן אופ די טיר.

אין דער מינוט קומט פונקט אָן מארים און טוט א פרעג, ווי דער שטייגער איר ער איז, אפ א קאָל:

— זי האָט שוין עפעס געגעסן?

— ש-ש-שא... — נעמט ער די פינגער צו די ליפן.

— זי שלאָפט? — רעדט זי שוין שטילער.

ער שאָקלט צו מיטן קאָפ אפ יאָ.

— האסט פארדרייט דאָס לעמפל?

דאָס איז אים גאָרניט איַינגעפאלן. אין נאָכאמאָל ארײַנגיין אין אלקער וויל ער ניט און ער לאָזט מארימען אויך ניט — מע קען זי נאָך אופוועקן, זי האָט זייער א גרינגן שלאָף.

— וו איז געווען דײַן קאָפ, וואָלט איך וועלן וויסן, — שיפעט אין איר דער קאך, — קום שוין, קום, — שלעפט זי אים אוועק פון דער טיר.

— דער צעבער שטייט דאָרט א פולער און לייע קען זיך אלץ ניט אויסקלײַבן אים ארויסגיסן.

ער ווייס גוט ווייל, אז ס'איז פאראן פאר אים ארבעט אפ דער קיך, מע דארף ארויסטראָגן דעם צעבער, ארײַנטראָגן האָלץ, אָנגיסן די דייזשע, לייען טאָר מען איצט ניט אָפרײַסן פונעם אויוון, עס קאָן נאָך דאָס גאנצע געבעקס פארברענט ווערן.

ניט אלע לאָמפן האָט מען אָנגעצונדן בא זאלמען רימער אין שטוב, נאָר ס'איז פאָ־ט ליכטיקער, ווי געוויינלעך. מע וואָלט געקאָנט מיינען פון דרויסן, אז דער יאָנטעוו האָט זיך שוין אָנגעהויבן. אָט איצט טאקע אינמיטן דער נאכט.

איידער ס'האָט נאָך אָנגעהויבן בלויען אין די פענצטער, זײַנען שוין די באלעבאטים טויט־מיד געפאלן אפ די שטולן און מע איז אנשלאָפן געוואָרן. לייע האָט נאָך באדארפט צוראמען דעם עס־צימער, איבערווישן דאָס געפעס, אָפשמירן די ערד אין קיך ס'זאָל ניט זײַן קיין ביזויען פאר פרעמדע מענטשן.

אָן כיישעק איז מען געגאנגען צו זאלמענען אין סכוב ארײַן אפן ברים: — אין אזא צײַט גייט מען ניט צו געסט און מע פראוועט ניט קיין סימכעס. ווער ווייסט וואָס עס קאָן זיך טאָן אין א האלבער שאָ ארום אין בארשעוו, מע האָט שוין גער זען אזעלכס, ס'איז שא, שטיל און מיטאמאָל טראָגט אָן דער רוח עטלעכע רײַטער־באנדיטן, — מע ווייסט גאָרניט, פון וואנען זיי האָבן זיך גענומען,—און עס גייט

אוועק א שעכטעניש מע זאָל נאָר באהיט ווערנ—אזוי האָט זיכ יעדער איינער גע־קלערט צו וועמענ ר׳ זאלמענ איז ארײַנגעגאנגענ.

שווער איז אימ אָנגעקומענ, זאלמענענ, נאָר ער האָט פאַרט צונויפגעקליבנ בא זיכ אביסל יידנ, א פאָר מענטשנ האָבנ אימ נאָכ געפעלט צו א מיניענ.

פלוצעמ האָט זיכ צעטראָגנ איבער גאנצ בארשעוו א קלאנג, אז באָלשעוויקעס זײַנענ דאָ, טאקע נאָרוואָס זײַנענ זיי געקומענ פונ ערגעצ, מע ווייסט אפילע ניט פונ וואנענ, כאָטש קײנער האָט זיי נאָכ אינ די אויגנ ניט געזענ.

...די 5 אָנגעקומענע רויטארמייער פונ נאזאראָווקע האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אפ דער הויפט־גאס אינ דער שטעטלדיקער אופראווע—מע איז מיד פונ וועג, אויס־געהונגערט, איבערגעפרוירנ, נאָר מע דערפרעגט זיכ אקוראט וואָס פאר א באנדעס עס הוליענ ארומ שטעטל, ווי רופט מענ די אטאמאנענ, ווענ איז מענ געווענ דאָ דאָס לעצטע מאָל. דערנאָכ האָט מענ זיכ געלאָזט גײנ איבער דער שטאָט, מע איז אויס־געווענ ווו א גאס אונ ווו א הינטערגעסל, אלצ, וואָס מע האָט זיכ געקאָנט דאָ דער־וויסנ, האָט מענ געדארפט געבנ צו וויסנ אינ שטאב, קיינ סאכ צײַט איז ניט געווענ. פארנאכט האָט מענ שוינ געדארפט פארלאָזנ דאָס שטעטל אונ זיכ אומקערנ צוריק קיינ נאזאראָווקע.

זאלמענ דער רימער האָט באגעגנט פרויעמקענ גאָר אומגעריכט. זאלמענ איז פונקט אינ דער אָ צײַט געגאנגענ פונ דאָקטער סיניטאָוויטש אונ יענער האָט אימ צו־געזאָגט, אז צומ שפעטסטנ אינ א דרײַ פערטל שאָ ארומ וועט ער זײַנ בא אימ אינ־דערהיימ אפ דער סימכע — ווענ ער דארפ אצינד ניט לויפנ, דער דאָקטער, צומ מילנערס ייִנגל, וואָס איז פארשלאפט געוואָרנ אפ פלעק־טיפוס, וואָלט ער גלײַכ גע־גאנגענ צוזאמענ מיט אימ. זאלמענ האָט באמ דאָקטער גענומענ דאָס וואָרט אונ מער דארפ ער ניט.

פרויעמקענ האָט ער געטראָפנ לעמ דער שטעטלדיקער אופראווע, זאלמענ האָט אינ דער ערשטער רעגע ניט געוווסט, אז דאָס איז זײַנ שוועסטערס באָכערל, פרוי־עמקע. פונוואנענ זאָל ער דאָס וויסנ? ס׳איז דאָכ שוינ א מײַסע פונ ווײס איכ ווענ, אז ער האָט אימ ניט געזענ, נאָר ס׳איז גלאט געווענ ציקאווע געווירע ווערנ, וואָס פאר א רעדל מענטשנ שטייט עס לעמ יונגנ רויטארמייער. ער וואָלט אימ בעשומ־ויפנ ניט דערקענט, נאָר דאָס קאָל זײַנס איז עפּעס א קענטלעכס — זאָל דאָס טאקע זײַנ פרויעמקע? שטויסט ער זיכ אָנ, ער צעשפארט דעמ אוילעמ אונ טוט זיכ א שטעל אוועק אינדערמיט. פאר זיכ האָט ער געזענ שטיינ נאָכ גאָר א יונג באָכערל מיט א קורצ ביקסל אפ די פלייצעס. די פיס ארומגעוויקלט מיט שמאטעס, די ווינטערדיקע היטל ארונטערגערוקט איבערנ שטערנ. א רעגע איז זאלמענ געשטאנענ אונ אימ באטראכט פונ קאָפּ ביז די פיס, דערנאָכ אויסגעשטרעקט די האנט אונ מיט א צופרידנ געלעכטערל אויסגעשריִענ:

— אויב אזוי, נא דיר אָפּ שאָלעמ! דערקענסט שוינ ניט דעמ פעטער דײַנעמ?

פרויעמקע האָט אפ אימ א קוק געטאָנ, זיכ דערמאָנט טאקע, אז דאָס איז ער, דער פעטער זאלמענ.

— וואָס מאכסטו עפּעס?

זאלמענ האָט אימ א צי געטאָנ פאר דער האנט און אימ ארויסגעשלעפּט פונעמ רעדל מענטשנ.

— ביסט אקוראט געקומענ צו דער סימכע.—אונ זאלמענ לאָזט אימ שוינ ניט אָפּ פונ זיכ, — האָסט ניט געקענט גלײַכ פארגײנ צו מיר אהײמ? די וועלט איז געוואָרנ העפקער, ניטאָ קײנ אײגענע, ניטאָ קײנ קרויווימ, א שײנעמ פּאָנעמ האָט עס, — נעמט ער אימ מוסערנ—גײ זײַ א נאָווי אונ טרעפ, אז דו ביסט שוינ געוואָרנ א גאנצער קנאקער, אונ איכ האָב געמײנט, אז דו לערנסט זיכ אינ כײדער, ביסט דאָכ נאָכ א קינד, קענ מענ זאָגנ, — זאלמענ רימער האָט געכאפּט א קוק אפ דער ביקס אונ מיט א זויערלעכער מינע צוגעגעבנ, אז קײנער זאָל ניט הערנ: — פע. דאָס פּאסט דיר גאָרניט. אונ די מאמע האָט געשוויגנ? — טײקעפּ דערמאָנט ער זיכ אונ פאריכט — יאָ, וואָס מאכט עפּעס די מאמע, איר זיצט נאָכ אלץ בא קאָצינ דעמ באלעגאָלע?

פּרויעמקע ווײסט ניט, אפ וואָס פאר א פראגע זאָל ער אימ פריִער ענטפערנ, דעמ פעטער, נאָר געקלערט האָט ער נאָר וועגנ עפּעס אנדערש.

— ווּהינ איז? — פרעגט פּרויעמקע, — ווּהינ שלעפּט איר מיכ?

— א שײנע מײַסע, בא מיר אינ שטוב איז איצט א בריס. צירעלע, די טאָכטער מײַנע, קענסט דאָכ זי, האָט געבוירנ א זונעלע, א דימענט ניט קײנ קינד. קומ, קומ, מע דארפ דיכ נאָכ בעטנ? ועסט בא מיר עפּעס א כאפּ טאָנ אינ מויל, ביסט דאָכ געוויס הונגעריק.

ער ווײסט ניט, פּרויעמקע, צי האָט ער דאָס רעכט אוועקגײנ אָנעמ וויסנ פונעמ עלטסטנ, צי דארפ ער זיכ אומקערנ נעמענ בא אימ א דערלויבעניש.

— וואָס איז, וואָס קנײטשסטו זיכ? — טוט אימ ר׳ זאלמענ א פרעג, — אָט איז שוינ באלד מײַנ שטוב. דו ווײסט גאָרניט, וויאַזוי מע וועט זיכ מיט דיר דערפרײענ.

— עפּשער, פעטער, וואָלט איכ צו אײַכ שפּעטער ארײַנגעקומענ?

— נײנ, נײנ, איכ וועל דיכ שוינ ניט אָפּלאָזנ, וועסט זיכ בא מיר אינ שטוב דערווארעמענ, אָפּעסנ, צווינטשעווענ דער קימפּעטאָרנ, אונ דערנאָכ קאָנסטו גײנ, ווּהינ דו ווילסט, איכ וועל דיכ ניט פארהאלטנ. נאָר דערווײַל ביסטו מײַנ גאסט.

יאָ, ס׳האָט אימ טאקע געצויגנ אונטערנ לעפעלע. פונעמ עסנווארג, וואָס ניסיע האָט אימ מיטגעגעבנ אפנ וועג אינעמ ווײַסנ טיכעלע, איז שוינ פונ לאנג קײנ ברעקל ניט געבליבנ — עס כליאָנעט אימ אפילע שטארק דאָס הארצ. באמ פעטער אינ שטוב וועט ער זיכ אויכ אביסעלע אָפּרוענ, דערווארעמענ.

— ווי דו האָסט עס, קײנעינאָרע, א וואקס געטאָנ,—טמײכלט דער פעטער צו אימ,— טאקע שוינ גאָר א גרויסער באָכער געוואָרנ...

בא פּרויעמקענ האָט זיכ א שטריקל צעבונדנ פונ א פוס אונ די שמאטע האָט זיכ ארויפגעגליטשט אפ דער ערד. ער איז א ווײַלע געבליבנ שטײנ איבערבינדנ די שטריקלעכ.

דער פעטער האָט זיכ גוט צוגעקוקט צו זײַנע ארומגעוויקלטע פיס.

— בא מיר וואלגערנ זיכ ערגעצ א פּאָר אלטע וואָליקעס, מ׳וועט זײ דיר דארפנ מיטגעבנ אפנ וועג.

פרויעמקע האָט אים גענומענ דערפאר באדאנקענ.

— איכ וועל זיכ עמעס מעכײַע זײַנ. אינ פעלד ווייעט אזא ביטערער ווינט, מע פילט אזש ניט ווי די פינגער פרירנ אָפּ.

ער האָט אים נאָכ געוואָלט איבערגעבנ דער מאמעס ווערטער (אצינד איז סאמע די פאסיקע מינוט), וואָס פאר א שווערע נויט זיי שטייענ איצטער אויס, פּאַשעט מע שטארבט פאר הונגער, נאָר דער פעטער האָט אים שוינ געהאט ארײַנגעפירט צו זיכ אינ הויפ.

— אָט דאָס איז מײַנ נײַע דירע, איצט גייט מענ צו מיר אינ שטוב ארײַנ דורכנ הויפ.

באמ פעטער אינ שטוב האָט פרויעמקע געטראָפנ א היפשנ אוילעמ, דעריקער אַלטע ייִדנ מיט בערד אונ פייעס. ווערליק ער האָט פארשטאנענ, איז אויבנאָנ אינעמ שטרײַמל געזעסנ, אפּאָנעמ, דער ראָוו, ארומ אימ אנדערע פרומע לײַט. דער ראָוו האָט געטײַנעט אונ עפּעס געגעבנ צו פארשטיינ. ווי נאָר דער אוילעמ האָט דערזענ דאָס באָכערל מיט דער ביקס, איז מענ אלע געבליבנ זיצנ פארגאפט אפ די ערטער אָנ לאָשנ. מע האָט נאָר געבליצט שטומערהייט מיט די אויגנ, אפילע פרעגנ עפּעס האָט מענ מוירע געהאט.

— ראבויכײַ! איר האָט זיכ ניט וואָס צו שרעקנ! — רופט אויס ר׳ זאלמענ, — ס׳איז א ייִדיש קינד, טאקע מײַנער א פלימעניק פונ נאזאראָווקע.

טייקעפּ האָט מענ פאר פרויעמקענ צוגעגרייט א פרײַ אָרט באמ טיש, מע האָט זיכ גענומענ בא אימ דערפרעגנ, וואָס הערט זיכ אינ נאזאראָווקע, ווי׳אזוי לעבט מענ הײַנט דאָרט, וואָס טוענ די ייִדנ. איינער א נידעריטשקער ייִדל מיט א היפּש בײַכל האָט זיכ צו אימ צוגעטשעפּעט, ער זאָל אימ נאָר דערציילנ, וואָס מאכט עפּעס רוֹוונ דער טעפער, אזוי ווי ס׳איז זײַנער א קאָרעוו, וויל ער הערנ פונ פרויעמקענ, צי אלע זײַנענ געזונט אינ דער מישפּאָכע.

— לאָזט אימ אביסל זיכ אָפּרוענ, — שרײַט א צווייטער, — איר זעט דענ ניט, ווי ער איז טויט־מיד.

מארימ איז ארײַנגעגאנגענ אנ אויסגעפוצטע אינ עסצימער. אירע אלטמאָדישע זײַדענע קליידער האָבנ שטיל געשורשעט, זי איז צוגעגאנגענ צו פרויעמקענ אונ אימ ארומגעכאפּט קושנ.

— וואָס מאכט עפּעס די מאמע? — פרעגט זי זיכ נאָכ — אונ וואָס מאכנ אלע איבעריקע קינדער. אבי מע איז געזונט, — לאָזט זי אימ ניט אויסריידנ קיינ וואָרט אונ ענטפערט פאר אימ אליינ, — דאנקענ גאָט, דאנקענ גאָט, ער איז דאָכ ערשט ניט לאנג געווענ אליינ א פיצל קינד, — רעדט זי צו די ייִדנ, — אונ איצט קיי־נענאָרע איז דאָ אפ וועמענ א קוק צו טאָנ. אזא גאסט, אָבער וואָס זאָגט מענ — האלט זי אינ איינ ריידנ, — ס׳וועט שוינ זײַנ ספּאָקאָינע?

אפילע לייע די קעכנ איז אויכ ארײַנגעגאנגענ א קוק געבנ אפנ אומגעריכטנ גאסט. זי האָט זיכ מיט דער פלייצע צוגעשפּארט צו דער טיר, פארלייגט די הענט אונטער די פולע ברוסטנ אונ האנאָעדיק געשמייכלט.

זי איז ניט צוגעגאנגענ, ווי אלע איבעריקע, אימ אָפּגעבנ שאָלעמ. נאָר עפּעס

האָט מען געזען אין דעם מענטשן, אז סע פרייט איר דאָס הארץ — זי קען אים, פרויעמקען? זי האָט אים נאָך געזען אפ צירעלעס כאַסענע.

— וואָס האָסטו זיך אזוי אוועקגעשטעלט? — שרייַט אָן אפ איר די באַלעבאָס־טע, — מע דארף דערלאַנגען צום טיש, און זי האָט שוין ניט וואָס צו טאָן, גלייַך ווי זי האָט שוין אַלע אירע קינדער אויסגעגעבן.

אין שטוב איז טומלדיק.

דער פעטער איז צוגעגאנגען צו פרויעמקען און אים איַנגערוימט א סאָד — צירעלע וויל אים זען, זאָל ער צו איר אריַנגיין אין אַלקער.

— איר וועט אים מוחל זיַין, — רופט זיך אָן זאַלמען צום אוילעם, — ער וועט באַלד אריַינקומען, די טאָכטער מיַינע רופט אים.

פרויעמקע האָט זיך אופגעהויבן פונעם טיש. דער פעטער האָט אים גענומען פארן עלנבויגן און איז מיט אים אוועקגעגאנגען אין צווייטן כיידער.

צירעלע איז געזעסן אפ א שטול, דאָס קינד אפ די הענט, זי האָט אים דער־לאַנגט איר קליין פול הענטל מיט די גריבעלעך.

— ס'ארא טיַערן גאסט מיר האָבן עס בא זיך אין שטוב, לאַנג וועסטו דאָ זיַין?

— ניין, — ענטפערט פרויעמקע, — מיר וועלן אין א שאָ ארום מיסטאָמע זיך אומקערן צוריק אין נאזאראָווקע, מיר זיַינען פינף אירע, פינף מענטשן — האָט ער איר בעסער געגעבן צו פארשטיין.

פרויעמקע איז געזעסן א קליין שטיקל ציַיט אפ דער אטאמאנקע פונקט אנטקעגן צירעלען.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן שיטן א קליינינקער שניי. זי האָט עס פלוצים באמערקט און האָט זיך א כאפ געטאָן פון דעם שטול און אויסגעשריִען גלייַך ווי זי האָט דערזען ווייס איך וואָס.

— א שניי!

דערנאָך האָט זי זיך אליין ווי פארשעמט פאר איר פלוצעמדיקן אויסגעשריי.

— אינדרויסן שיט א שניי, — האָט זי איבערגעכאזערט שוין אביסל רויִקער, נאָר אויך פול מיט היספּיַלעס.

צירעלע האָט זיך בא פרויעמקען ניט נאָכגעפרעגט אפ דער מאמען און אפ די קלענערע קינדער, ווי די מומע זיַינע.

— ביסט נאָר געוואָרן א באָלשעוויק? — פרעגט זי בא אים פלוצעם.

פרויעמקע האָט געשוויגן און ניט געוווּסט וואָס איר צו ענטפערן.

— די ציַיט גייט, — רעדט זי צו זיך אליין, — מענטשן ווערן עלטער, נאָר ווער עס ווערט קליגער, און ווער נארישער.

— דער אוילעם קען לאַנג ניט ווארטן, — רופט זיך אָן זאַלמען און נעמט די קישן מיטן קינד צו זיך אפ די הענט.

אַלע זיַינען ארויסגעגאנגען פון צירעלעס אַלקער.

מארים איז הארט צוגעגאנגען צום מאן, א שלעפ געטאָן פארן ארבל און אים איַינגערוימט אין אויער.

— אים האָט דאפקע יאָ דער גוטער יאָר אָנגעטראָגן, — האָט זי א גלאנץ גע־טאָן מיט די אויגן צו פרויעמקען, — און לייזער נעבעך דארף זיצן דאָרט...

מיטאמאָל האָט מען דערהערט פון דרויסן א שיסערײַ.

בא ר׳ זאלמענען איז אין איין מינוט געוואָרן אן איבערקערעניש. פרויעמקע האָט זיך געלאָזט מיט איםפעט צו דער טיר, ער איז אָן אן אָטעם ארויסגעלאָפן אין גאס ארויס.

— פארשפארט די טירן!—האָט ר׳ זאלמען באפוילן.

זאלמען האָט קיינעם ניט געלאָזט ארויסגיין פון זײַן הויז, מע האָט זיך געריסן צו דער טיר, נאָר זאלמען אליין האָט זיך אוועקגעשטעלט אפ דער שוועל און צעשפרייט די הענט.

— איך וועל אײַך ניט לאָזן אומקומען...

בא צירעלען אין אלקער איז שײן געווען פארשטעלט מיט דער לאָדן די פענצטער. דער אוילעם איז ביסלעכווײַז שטיל געוואָרן. די געשרייען, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן פון דער גאס, האָבן געריסן דעם מויעך.

— זאָל נאָר אביסל ווערן שטילער דאָס שיסערײַ, וועלן מיר אלע אראָפגיין אין קעלער, — האָט זאלמען גערעדט און געהייסן אלעמען זיך דערווײַל אויסלייגן אפ דער פאָדלאָגע.

דורכן פענצטער, וואָס גייט ארויס צו דער גאס-צו, האָט מען געזען, ווי נאָך פרויעמקען לויפט איינער א באנדיט מיט א שווארצער פאפאכע און זידלט זיך מיט טויטע קלאָלעס. פרויעמקע איז צוריק פארלאָפן צום פעטער אין הויפל און זיך א וואלגער געטאָן אפ דער טיר.

— עפנט אוף! — האָט זײַן קאָל זיך געריסן פון הארצן, — עפנט אוף!...

לייע די קעכן האָט מיט קויעך א שלעפ געטאָן דעם אײַזן פון דער קיך־טיר, נאָר זאלמען האָט זי א שלײַדער געטאָן צו דער וואנט און צוריק ארײַנגעקוועטשט דעם אײַזן.

— ווילסט מיר זאָלן אלע אומקומען, — האָט ער אפ איר אויסגעראטשעט א פאָר ווילדע רעציכעדיקע אויגן.

— מע וועט דאָך אים הארגענען, — האָט זי זיך שיר ניט צעוויינט.

— שאאא...

פרויעמקע האָט מיט די פויסטן געזעצט אין טיר. קיינער האָט אים ניט געענטפערט.

א ווײַלע איז ער געשטאנען פאר דער טיר אן איבערגעשראָקענער, ניט געוווסט וואָס צו טאָן, זײַנע אויגן האָבן געגישטערט, געזוכט אן אָרט, עפּעס אוועלכע ס׳ניט איז לאָך, ווו זיך אויסבאהאלטן, ער נעמט לויפן איבערן הויפל. ס׳איז אפ אים שרעקלעך א קוק צו טאָן, מע האָט באמערקט פון דער שטוב, ווי ער האָט פלינק אראָפגעלאָזט דעם קאראבין און עטלעכע מאָל א צאָקע געטאָן מיטן שלאָס.

„וואָס וויל ער טאָן“, — האָט בא זאלמענען א בליץ געטאָן אין קאָפ, — „זאָל ער ארויסגיין פון מײַן הויפל, זאָל ער ארויסגיין...“ — האָט ער געשעפטשעט — ער וועט מיר ברענגען אן אומגליק אפ מײַן שטוב... זאָל ער גיין... זאָל ער גיין... צו וואָס האָב איך אים איינגאנצן באדארפט צו זיך אפ דער סימכע, ווו איז דעמלט געווען מײַן טייכל?... איבער אָט די שלעק זײַנען די ווילדע ראָצכים נאָכאמאָל אָנגעפאלן אפן שטעטל. מע וועט אָנטאָן צאָרעס.

מער האָט שוין פּרויעמקע ניט געקלאפּט צום פעטער אין דער טיר. ער האָט צום לעצטן מאָל אַרײַנגעקוקט אין פענצטער מיט זײַנע צוויי שווארצע אויגן, וואָס זײַנען געווען פול אָנגעגאָסן מיט סינע. אין דער דאָזיקער רעגע האָבן די אויגן אף אייביק שוין פארלאָרן די שעמעוודיקײַט. זײַן פּאָנעם האָט זיך ביטער־געליק א קרום געטאָן און ער איז פארשוווּנדן פונעם פעטערס הויף.

לייע די קעכן האָט זיך געבעטן, מע זאָל אים רופן צוריק. מע וועט אים אויס־באהאלטן אין קעלער — ס'איז דאָך א ראכמאָנעס אפן יינגל.

— איך וויל ניט, ס'זאָל פאלן א כשאד אף מײַן שטוב, אף מײַן מישפּאָכע, איך וויל ניט... — האָט רעב זאלמען געשריִען ניט מיט זײַן קאָל.

דערזען, ווי פּרויעמקע עפנט די פאָרטקע און לויפט ארויס פונעם הויף, — איז אים געוואָרן גרינגער אפן הארצן.

קימאט לעם דער שטוב האָט זיך דערהערט א שטארקע שיסערײַ. פּרויעמקע איז געלעגן הינטער א פּריזבע און ניט צוגעלאָזן די באנדיטן צו זיך.

אלע אין שטוב האָבן געזען דורכן פענצטער, וואָס גייט ארויס צו דער גאס-צו, ווי דער זעלבער באנדיט אין דער שווארצער פּאפּאכע האָט זיך רעציכעדיק א וואָרף געטאָן אפן יינגל, וואָס איז שוין געווען א פארוווּנדעטער, ס'האָט א בלאנק געטאָן, ווי א בליץ, זײַן שפּיז און איז ארײַן אין פּרויעמקעס לײַב...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...א גערדיכטער שניי האָט געשאָטן, דער ערשטער שניי, די גאנצע וועלט איז באדעקט געוואָרן מיט ווײַסע ציכטיקע פליטערלעך. לעם רעב זאלמענס שטוב האָט זיך אוועקגעצויגן לענגויס דעם געסל א רויטער פײַכטלעכער שנור, וואָס האָט אין זיך אײַנגעזאפּט די ליכטיקע קלאָרינקע שניילעך.

ראָכל בוימוואָל

# לידער

* * *

א פויגעלע פארשפארג אינ א שטײַג איז ניט קעדײַ.
א פויגעלע איז שײנ נאָר, ווענ עס פליט פארבײַ.
א שטײנדל, וואָס עס גיסט באם יאם זיכ איבער שײנ,
ווערט אינ די הענט בא דיר א פראָסטער שטײנ.
דאָס באבעלע, וואָס אונטער גלאָז בא דיר,
האָט אָנ דער שײַנ פונ זונ א בלאס קאָליר.
אונ אָפטײלנ האָט קײנמאָל ניט קײנ זינ
די פיש פונ וואסער, פונעמ קווײט די בינ.
אינ דער נאטור איז אײנס אָנ צווײטנ גאָרניט ווערט.

דאָס מינדסטע זשוקל דארפ דעמ הימל אונ די ערד.
לאָז אלצדינג פרײַ — וועסט רײַכ זײַנ אָנ א שיר.
אונ וואָס דו רויבסט, וועט זײַנ ניט קײנעמ אונ ניט דיר.

עס קאָנ דערמאָנענ דענ פונ יאם, דאָס יאמ־וואסער אינ פלאש?
עס קאָנ דערמאָנענ דענ פונ פײַער ס׳ביסל אש?
באהאלט קײנ אָנדענק ניט בא זיכ אינ טאש,
בא זיכ אינ הארצ אנ אָנדענק פארבאהאלט,
וועט ער שוינ קײנמאָל דאנ ניט ווערנ אלט.

* * *

אָוונט. דער פארק איז אי גרינ, אי געזײכט,
טרעפט אומעטום זיכ א באנק אומגעריכט.
זעצסטו א ווײַלע זיכ צו אפנ באנק,
דוכט זיכ דיר אויס, אז דו זיצסט שוינ דאָ לאנג.
גײסטו אוועק דורכ דער שמאָלער אלײ,
אונ קוקסט אפ די בוימער — ווי הויכ זײַנענ זײ.
כוצ דער ערד, דארפ מענ גאָרנישט ניט האָבנ די שטאמענ.
אונ דו ביסט א מענטש—דארפסט א הײמ אונ א מאמענ.
שוינ לאנג, אז דו שרײַבסט ניט דײַנ מאמענ קײנ וואָרט,
אונ דו ביסט זיכ דאָ גאָר, אונ זי—ערגעצ דאָרט.

די דערזעסט, ווי דו וואָלסט ביז אהער ניט געוווּסט:
עס האלט זיך באם צוויַיג דער קאַשטאַנ און דער נוס.
און ס'קומט דיר דײַנ אייגענער צוויַיגל צו טרויִג,
און דו ביסט מעקאנע דער רו פונעם בוים.

* * *

איך האָב יאגעדעס געקליבנ,
און ער האָט נאכעס אלצ געקליבנ:

— זע נאָר, זע נאָר, ווי זי קלײַבט.
טײַערע, מיט מיר פארבלײַב.

איך האָב דעם פײַכטנ לײַנ געצויגנ
און ער האָט זיך צו מיר געצויגנ:

— זע נאָר, זע נאָר ווי זי ציט,
האָט זיך נעבעכ אָנגעמיט.

כ'בינ צו דער קרעניצע געגאנגענ,
און ער איז שיר ניט אויסגעגאנגענ:

— כ'דארפ קיינ וואסער, כ'דארפ קיינ טרונק,
כ'וויל דאָס מיידל, וואָס איז יונג.

כ'האָב זיך באם קרעניצע פארהאלטנ,
ער האָט זײַנ בליק אפ מיר פארהאלטנ:

— וויפל זאָלסט זיך ניט פארהאלטנ,
וועסט פונ מיר זיך ניט באהאלטנ.

דעם עמער כ'האָב אינ האנט גענומענ,
ער האָט באם אקסל מיכ גענומענ:

— כ'וויס, צי ס'איז אָנגענומענ —
זאָג מיר: דו וואָלסט מיכ גענומענ?

---

## אפ א וואָקזאל

א שטילער וואָקזאלכל, א פלומפ אפנ פלאצ,
א מעשענע רונדיקע זונ, ווי א טאצ,

„קאכאָווקא" דורכ ראדיאָ, און ביר אינ בופעט,
און צווייענ באם טישל — מענ זיצט און מע רעדט.

בא איינעם א העמדל פונ גרינעם געוואנט,
באם צווייטנ אנ אנקער זיך בלויט אפ דער האנט.

ס׳קערט איינער זיך אום פון דער רויטער ארמיי,
דער צווייטער—פון פלאָט, גוטע פרײַנט זײַנען זיי.

ס׳דערהערט זיך א פײַף פון א צוג אינדערווײַט.
„מײַנע טײַערער פרײַנט! ווי ס׳איז קנאפ אונדז די צײַט״.

„מיר פלעגן דאָך ריידן מיט דיר דורך די נעכט.
ס׳איז קנאפ אונדז די צײַט, ביסט מײַן כאווער גערעכט,

ווײַל וויפל מע רעדט ניט, איז אלץ ניט גענוג״
די האנט מיטן אנקער שטרעקט אויס זיך פון צוג.

איז „האָב מיר א גוטן״ און „זײַ מיר געזונט״
דער צוג איז אוועק, ס׳איז פארגאנגען די זון,

און אפן פעראָן פאָכט נאָך אלץ מיט דער האנט
א מענטש אין א העמדל פון גרינעם געוואנט.

ה. פּאָליאַנקער

# שײדונג

(דערצײלונג)

I

געווען איז נאָך האַלבן טאָג. א שטאַרקע ספּעקע. אַרום און אַרום איז געשטאַנען א ראַכוועסדיק־ברייטע שטילקייט, א שטילקייט פון יענער צייט, ווען אַלע זייַנען אין פעלד, אַפ דער אַרבעט. איבער די געסלעך זעט מען קיין מענטשן ניט דורכגיין, בלויז ערגעץ דאָרטן הויך אינעם לויטערן בלויען הימל פאַרגייט זיך אין זייַן מילדן געזאַנג א זשאַוואָראָנאָק.

לוקא אָסיפּאָוויטש האָט זיך אומגעקערט פון וואַרמעס. ער איז אַרייַנגעקומען אין קילן, געמיטלעכן צימער פון קאָנטאָר, אַראָפּגעוואָרפן פון די פיס די שטעקשיך, צעעפנט די פענצטער, וואָס קוקן אַרויס אין ווייַנשל־סעדל, און בעשאַסמייַסע גענומען אונטערבאָמקען זייַן באַליבטן ניגנדל, וואָס ער פאַרציט שטענדיק אויס היימלעכקייַט, ווען ער איז דאָ איינער אַליין.

ער האָט א וויש געטאָן אין ביידע זייטן זייַנע לאַנגע וואָנצעס, וואָס זייַנען אביסל געל פון איבעריקס רויכערן מאַכאָרקע, דערנאָך האָט ער צעשפּיליעט דאָס אוקראַינישע אויסגענייטע העמדל און אָפּגעווישט מיטן לאַנגן אַרבל דעם שווייס פונעם קלייַענדיקן פּאָנעם, ערשט דעמלט האָט ער זיך געזעצט באַם טיש און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

ער האָט נאָך ניט באַוויזן קומען צו זיך, ווי ס'האָט זיך מיטאַמאָל אַזוי צעקלונגען דער טעלעפאָן אַפ דער וואַנט, אַז דער בוכהאַלטער איז פון איבערשרעק שיר ניט אַראָפּגעפלויגן פונעם בענקל. דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט, וואָס איז א גאַנצע היפּשע צייַט געווען שטום און טויב, ניט געוואָלט אַרבעטן, האָט זיך פּלוצעם געלאָזט הערן מיט זייַן גרילצנדיקן קלאַנג.

א רעגע איז לוקא געשטאַנען אין פאַרלעגנהייַט, אביסל פאַרלוירן, ניט געוווּסט, וואָס טון, דערנאָך האָט ער בייז אויסגעשפּיגן, זיך אויסגעהוסט, אַראָפּגענומען דאָס טרייַבל, האַלטנדיק עס אַפ א נישקאָשעדיקן מעהאַלעך פונעם אויער, אויסגעשריגן:

— באַם אַפּאַראַט איז לוקא אָסיפּאָוויטש... וואָס, וואָס? פון וואַנען רעדט מען?.. פונעם געווינערן־הויז, פון דער ראָדילנע? וואָס־זשע קלינגט איר עפּעס אהער?.. ס'איז דען באַ אונדז אַן אַפּטייק?.. דאָ איז א קאָנטאָר, א קאַנצעליאַריע, זאָגט מען אייַך... וואָס?.. אַזוי גאָר?—האָט לוקא אָסיפּאָוויטש אויסגעשאָסן א געלעכטער,—נו, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש... א קליין קאָלכאָזניקל, זאָגט איר, צוגעקומען? נו,

טאָ זאָל עס לעבן און זיך פּאַשען... איז וואָס־זשע ווילט איר פון מיר, אַ? פּריטשאָם איז דאָ דער בוכהאַלטער? וואָס? וואָס?

— אַ פור דאַרפט איר? און באַלד?.. פאַרשטאַנען...—האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ—פאַרשטאַנען...

לוקאַ אָסיפּאָוויטש האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרײַבל, צעפּירט מיט די הענט און אָפּגעאָטעמט, ווי נאָך אַ שווערער האָרעוואַניע.

— אָט האָסטו דיר אײַנמיטן זשניווואַ אַ קליין קאָלכאָזניקל... אַ פור... וועמען־זשע שיקט מען איצט? נו, נאַטאַלקע! אויך אַ טײַער טעכטערל... ניט געקאָנט אַזוי אויספּלאַנירן, אַז זי זאָל ניט אַרײַנקריכן אין אַזאַ הייסער צײַט מיט אַ צוצעקל. נאַ דיר אַזאַ נאַגרוזקע...

דער בוכהאַלטער איז מיט דריבנע טריט אַרויסגעגאַנגען פון דער קילער און היימלעכער קאַנצעליאַריע, עפּשער וועט ער פּאָרט עמעצן אויפן הויף געפינען.

אַ קליין ווינטל האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט זײַן העמדל און ניט געסטײַעט. ס'האָט זיך איבערגעטראָגן איבערן צײַטיקן קאָרן און צעכוואַליעט די הויכע גאָלדענע זאַנגען.

לוקאַ אָסיפּאָוויטש איז אַ ביסל געשטאַנען אײַנמיטן הויף און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן.—אַזאַ מין אַרבעט אין מיטן דרינען,—האָט ער זיך אַלץ ניט געקאָנט באַרויִקן.—אין אַזאַ הייסער צײַט רײַס אָפּ אַ מענטשן פון דער אַרבעט. אָט אַ מויד, זי וועט קומען, וועל איך איר דאַפּקע געבן... גוט, אָבער וועמען־זשע שיקט מען, אַז מע זעט ניט אַרום קיין לעבעדיקן נפש?

לוקאַ אָסיפּאָוויטש האָט אַרויסגענומען פון דער קעשעניע זײַן קעמעלע, צעקעמט די וואָנצעס און איז אַוועקגעגאַנגען צו דער שטאַל. ס'האָט אַ ביסל געדויערט און ער איז אַרויסגעפאָרן אויפן הויף מיט אַ נײַיִנקער געפאַרבטער בריטשקע, געשפּאַנט אין צוויי אויסגעפּאַשעטע גוטע פערד.

שטייענדיק אויפן בריטשקע ווויליונגעריש, ברייט צעשטעלט די פיס, די ווישקעס אַרומגעוויקלט אַרום דער האַנט, האָט ער באַמערקט ווי אויפן שליאַך פון יענער זײַט אָנשיט וויקלט זיך אַ הויכער שטויב־וואָלקן. דער אַלטער האָט זיך בעסער אײַנגעקוקט און דערזען, אַז סע יאָגט עפּעס אַ רײַטער. לוקאַ האָט אויפגעהויבן די דלאָניע צום שטערן און זיך אָנגעשטרענגט אײַנגעקוקט. אין עטלעכע מינוט אַרום איז אין הויף אַרײַנגעפלויגן אַ פאַרפּאַליעטער באָכער, קוים אײַנהאַלטנדיק דאָס צעהיצטע פערד. דער רײַטער האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער בריטשקע.

— אַ, ס'איז דו, וואַסילי?

— אַוודאי איך! וואָס שטייט איר עפּעס דאָ, לוקאַ אָסיפּאָוויטש? מיט דער נײַער בריטשקע? ווי איר וואָלט זיך קלײַבן אָפּ אַ כאַסענע?..

דער באָכער האָט זיך געשמאַק צעלאַכט און דעם אַלטן האָט עס אַזש פאַרדראָסן.

— וואָס איז דיר דען, וואַסילי, פּלוצעם געקומען אין קאָפּ אַ כאַסענע?—האָט דער אַלטער זיך אָנגערופן אַ ביסל באַליידיקט. נו, אויב אַזוי, ברודערל, וועל איך דיר, דאַכט זיך, אָפּשפּילן יענע כאַסענע,—האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

— לוקא אָסיפּאָוויטש, איר האָט ניט געזען דעם פּאָרזיצער? — האָט וואסילי זאכלעכ א פרעג געטאָן.

— וואָס איז דען, צוליב וואָס דארפסטו אים האָבן?

— מיר פארענדיקן הײַנט צונויפנעמען דאָס ברויט און מע מוז שוין אוועקשיקן אין עמטעס נאָכ קעראָסין פארן קאָמבײַן... פארשטאנען...

— איז הײַנט ענדיקט איר שוין? נו, אוואדע, ווער-זשע דען וועט זײַן דער ערשטער, וואסילי, אז ניט דײַן בריגאדע... — האָט געזאָגט דער בוכהאלטער און איז אראָפּגעשפּרונגען פון דער ברישקע. — אָט וואָס, וואסילי, איכ וועל אליינ אײַנאָרדענען מיטן קעראָסין און צו דיר איז פאראן א קלײנינקער איניען, נאָר א דרינגענדיקער...

— וואָס פאר אן איניען?

— זעצ זיכ נאָר אויפ אפּ דער ברישקע און קאטײַ שוין אוועק קיין אנדרישאָווקע, צו דער ראָדילניע אינ שפּיטאָל ארײַן, מע דארפ פון דאָרטן עמעצן ברענגען...

דער אלטער האָט אראָפּגעשלעפּט דעם באָכער פונעם געזאָטלטן פערד און אים ארײַנגעשטופּט די ווישקעס אינ דער האנט.

— וואָס, איכ בינ דען א דאָקטער? וועהינ פאָרן? נאָכ וועמען?

„ע, ברודערל, ווען דו ווייסט נאָכ וועמען, וואָלטן מיר דיכ מיט קיינ דרוקעס ניט פארטריבן”, — האָט לוקא כיטרע צו אים א שמייכל געטאָן.

— פאָר, וואסיל, פארהאלט ניט! דאָרטן וועט מען שוין אלצ זאָגן, — האָט דער אלטער אים א קלאַפּ געטאָן גוטברודעריש איבער דער פּלייצע. — נו, אן עק, גיכער, פאָר שוין! פאָר, מע ווארט... מע דארפ ברענגען פון דאָרטן געסט...

— איכ האָב קיינ צײַט ניט, זוכט עמעצן אנדערש...

— איכ בעט דיכ, פאָר, — האָט לוקא אימ איבערגעשלאָגן, — דער פּאָרזיצער האָט אויכ געבעטן, אז דו זאָלסט אהינ פאָרן. אָט דאָס האָב איכ טאקע נאָרוואָס געטראכט אוועקפאָרן נאָכ דיר אינ פעלד ארײַן. גוט וואָס דו ביסט אליינ געקומען, — האָט דער אלטער קוים אײַנגעהאלטן דעם געלעכטער, וואָס האָט אים געשטיקט.

— קיינ צײַט, זאָגט מען דאָכ אײַכ, האָב איכ ניט... נו, זאָגט כאָטש, לוקא אָסיפּאָוויטש, נאָכ וועמען דארפ איכ פאָרן?..

— נאָכ געסט... מע האָט געקלונגען... א פּראָפעסאָר קומט לייענען א לעקציע ווענן... פארשטאנען? גיכער, הײַדא, נו, וואָס פארשטייסטו ניט? וויפל דארפ מען דיר בעטן? דאָרטן וועט מען דיר אלצ זאָגן...

וואסילי גאָלוב האָט זיכ ניט באוויזן ארומקוקן, ווי דער אלטער איז שוין געריטן אפן פערד און ווען ער איז שוין געווען ווײַטלעכ, צעצויגן אויסגעשריגן:

וואסילי!.. גיכער פאָר, הײַדא... איכ וועל אלצ אליינ איבערגעבן... — האָט לוקא אָסיפּאָוויטש א מאכ געטאָן צום באָכער מיטן האנט, ווי איינער רעדט: יאָ, איכ האָב דיר איצט אָפּגעשפּילט די עמעסע כאסענע.

— טפו, א טײַוול. עפּעס א פּראָפעסאָר... ראָדילניע... א לעקציע... — און ארײַנגערוקט די ווישקעס... — הײַנט גיי פארשטיי.

דער באָכער איז געשטאַנען בא דער בריטשקע פאַרלוירן, ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, נאָר אַז ער האָט געזען, אַז קיין אַנדער ברייררע האָט ער ניט, דער אַלטער איז שוין ווײַט און דער איניען איז, אַפּאָנעם, טאַקע דרינגענדיק, האָט ער ארײַנגעוואָרפֿן אין בריטשקע א זשמוט פרישן שמעקנדיקן קלעווער און זיך ארומגעקוקט: „זע נאָר, אַפילע קיין טעפּיך האָט ער ניט גענומען אָפּ פאַרשפּרייטן די בריטשקע, פאָרן נאָך געסט איז עפּעס ניט ל̄ײַטיש אַזוי...“

וואַסילי גאָלוב איז ארײַנגעשפּרונגען צו זיך אין שטוב, וואָס שטייט דאָ ניט ווײַט, גענומען אָפּ זיך דעם נײַעם טונקל־בלויען פּידזשאַק, אָנגעטאָן די אויסגעפּוצטע געלע טופֿליעס, א קעמ געטאָן די בלאָנדע געקרײַזלטע האָר, געכאַפּט א טעפּיך און אַרויס ברענגען אין אָרדענונג די בריטשקע.

די פערד האָבן גערירט פונעם אָרט. און א צי געטאָן שטײַף, ווי סטרונעס, די ווישקעס, האָט וואַסילי גאָלוב זיך געלאָזט אין וועג ארײַן.

2

איבער דעם הילצערנעם בריקל פונעם אײַזנבאַן־אַנשיט האָט אָפּגעהילכט דאָס קלאַפּערײַ פון די פערדישע טלאָען. די קלעפּ זײַנען אָפּן ברוק געוואָרן שטילער, שטילער און באַלד אינגאַנצן נעלעם געוואָרן אָפּן פעלדישן שליאַך. ס'איז געוואָרן רויִק און די דאָזיקע רויִקײַט האָט עפּעס שטאַרקער אָנגעהויבן דריקן וואַסילי גאָלובן צוליב דער אומפאַרשטענדלעכער פלוצעמדיקער נעסיִע.

ער האָט זיך דערנעענטערט צום געדיכטן וואַלד, דערזען ווי עס באַוועגן זיך די שפּיצן פון די הויכע סאָסנעס און שטרענגע דעמבעס און בערעזעס, זיי האָבן געשאַפֿן א גלײַכן סופּיט איבערן קאָפּ און קוים ווו מע זעט אַרויס א שטיקל הימל פון דער געדיכטעניש. וואַסילי איז ארײַנגעפאָרן אין דעם גרינעם טאָנעל. די רעדער לאָזן איבער צוויי טיפע באָראָזדעס אינעם דריבנעם זילבערנעם זאַמד און די זאַמד מאָלט זיך אָן אופהער צווישן די געפאַרבטע שפּיצעס פון די רעדער און שורשעט איינטאָניק... וואַסילי האָט זיך פרײַ צעלייגט אין זײַן גאַנצער לענג אָפּ דער בריטשקע און זיך אײַנגעקוקט אין דער ווונדערלעכער גרינער טיפקײַט. די בוימער שטייען קימאַט ווי אומבאַוועגלעכע, און דער סאָסנאָווער רייעך פאַרשיקערט, וואַרפט אָן א לײַכטן דרעמל. ס'אַנטפלעקט זיך די מידקײַט. וואַסילי האָט אָפּ א רעגע צוגעמאַכט די אויגן און זיך מיטאַמאָל אופגעכאַפּט, א טרײַב געטאָן שנעלער די פערד און זיך ווידער צוגעשפּאַרט אָפּן קלעווער.

ערגעץ דאָ אָפּ א בוים האָט פלוצעם אָנגעהויבן ציילן א קוקאַווע. א וועווריק האָט א געשריי געטאָן אָפּ א סאָסנע, ווען איר שישקע איז אַראָפּגעפאַלן. פונעם אומדערוואַרטן געשריי האָט זיך וואַסילי אופגעכאַפּט פונעם שלאָף. ער האָט זיך דערשראָקן ארומגעקוקט אָפּן סטאַוו, אָפּן טשערעט, אָפּ די ליליעס, א זוך געטאָן מיטן בליק אָפּ די בוימער די קוקאַווע, דעם וועווריק, און באַלד צו זיך אַלײן א שמייכל געטאָן. ער איז פּאַוואָליע אַרויסגעפאָרן אָפּן גלײַכן שליאַך.

וואסילי גאָלוב האָט אונטערגעטריבן די פערד מיט א פאָכעריי פון זײַן בײַטש. און אײַנהערנדיק זיך אין דעם אומרויִקן און שיינעם ארום, האָט ער אָנגעהויבן זינגען זײַן באליבטע ליד:

Взяв би я бандуру
Тай заграв що зна,
Скажуть люди з дУру
Бандуристом став...

שטיל האָט זיך געשפרייט דאָס מעלאָדישע הארציקע געזאנג איבערן וואלד און ווי אין טאקט האָט אונטער די רעדער געשורשעט און געשורשעט דער זאמד.

און אָט איז אנדרושאָווקע ארויסגעשווומען פאר די אויגן. וואסילי האָט פארקערעוועט צו יענעם געפארבטן ברייטן הויז, וואָס האָט זיך געטוליעט מיט איין וואנט צום וואלד. יאָ, דאָ איז געוויס דער שפיטאָל... די געבײַדע איז ניט ענלעך אף די ארומיקע דאָרפישע כאטעס, כאָטש אויך אויסגעפוצטע מיט געלער און ווײַסער ליים, ראָזע און גרין-קאנטיקע פריזבעס.

די כאטעס ציִען זיך אוועק ביזן פעלדזיקן אָפגרונט, וואָס הענגט איבערן לויטערן דניעפער. דער באָכער האָט אָפגעשטעלט די פערד אָן א זײַט פון דער ברייטער ווערענדע, דער באוואקסענער מיט ווילדע ווײַנטרויבן. ער האָט צוגעבונדן די ווישקעס צו א שטאם פון א בוים און אונטערגעוואָרפן די פערד א זשמוט קלעווער אף פארבײַסן. ער האָט זיך געלאָזט צום קאָרידאָר און ווי מיט שרעק זיך ארומגעקוקט ווהין ער איז ארײַנגעקומען. ווו־זשע איז דער פראָפעסאָר?

וואסילי האָט ניט באוויזן מאכן קיין דרײַ טריט איבערן ציכטיקן קאָרידאָר ווי ס'איז אים געקומען אנטקעגן א נידערוווקסיקע דיקע פרוי אין א לאנגן ווײַסן כאלאט, אפאָנעם, א פעלדשעריצע אָדער א שוועסטער. זי איז עפעס געווען שטארק פארטראָגן און צעשטרײַט. זי האָט אָנגענומען דעם באָכער בא דער האנט, ווי אן אלטן באקאנטן, און גלײַך ווי זי וואָלט וועלן קיינער זאָל בא איר ניט אויסכאפן די בשורה, גיך אויסגעשאָסן:

— איך באגריס אײַך... איר זײַנט פון ליסעווקע? נאָך איר, א?

— פון ליסעווקע...

— איך באגריס אײַך מיטן ערשטלינג... באלד, באלד... די רעגע, זעצט זיך נאָר צו אף א ווײַליטשקע... מיר קוקן שוין אף אײַך ארויס... איך באגריס אײַך מיטן ערשטן זון... א טײַערער פוזאן... ער איז אין אײַך געראָטן... אויסגעגאָסן דער טאטע מיט די ביינער...— האָט זי אויסגעשאָסן,— פונקט אײַערע אויגן, אײַער נאָז, אלץ... א זינדעלע פרימא...

— וואָס?..— האָט ער אויסגעשטאמלט.— וואָ־אָ־ס !?..

— איר האָט א גאָלדענעם יורעש, איך באגריס אײַך פונעם פולן הארצן, באלד... איין רעגעלע, איך וועל אײַך באלד ארויסטראָגן אײַער זון...

וואסילי גאָלוב איז געבליבן שטיין א געפלעפטער, ער האָט צעעפנט מויל און אויער, אקוראט ווי מע וואָלט אים אָפגעפארעט מיט א הייסן אָקרעפּ. ער ווייסט ניט צי דאָס כויזעקט זי פון אים, צי זי מיינט עס אינדערעמעסן. ער האָט געוואָלט

א פרעג טאָנ, וואָס פלאפלט זי, וואָס פאר א זונ, מיט וואָס באגריסט זי אים אינמיטנ פלוצעמ, נאָר די פרוי אינ ווײַסנ כאלאט איז שוינ ניט קיינ היגע, זי האָט געיאָגט מיטנ לאנגנ קאָרידאָר אונ ערגעצ אינ א זײַטיקער טיר האָט א פינקל געטאָנ איר ווײַסער כאלאט.

— וואָס האָט די דאָזיקע ברוע אָנגעפלאפלט? ניט אנדערש ווי זי איז אראָפ פונ זינענ? וואָס פאר א טאטע בינ איכ פלוצעמ געוואָרנ, וואָס באגריסט זיכ מיכ?

וואסילי האָט זיכ פארלאָרנ, וואָס קומט דאָ פאָר האָט ער ניט געקענט פארשטײנ אונ ער האָט זיכ נאָר אויסגעדרייט צו דער טיר אוועקגיינ פונ דאנענ, ווי ער האָט דערהערט טריט, גיכע טריט. ער האָט דערקענט די פרוי אינעמ ווײַסנ כאלאט. זי איז צו אימ געגאנגענ אונ געטראָגנ אנטקעגנ א שניי־ווײַס פעקעלע. זי האָט אביסל אונטערטאנצנדיק אונ פײַערלעכ דערלאנגט אימ דאָס קינד, צו דעמ א טשאָמקע געטאָנ:—אָט נעמט... ניט אזוי, פאמעלעכער... פאָרזיכטיקער האלט. איר קענט עס דערדישענ... א טײַערער פוזאנ בא אײַכ, אונ א ווײַב א גאָלד... ווענ איכ בינ א מאנצביל וואָלט איכ זיכ אליינ אינ איר פארליבט, אפ מײַנ וואָרט...

וואסילי איז רויט געוואָרנ, דערנאָכ בלאס, דערנאָכ געל, ער האָט איר געוואָלט דערווידערנ, נאָר זי האָט אלצ ניט געלאָזט, זי האָט געהאלטנ אינ איינ שיטנ. ער האָט שוינ געהאלטנ דאָס קינד אפ די הענט.

אויב ווײַבער האָבנ נײַנ מאָס רייד, טאָ וויפל פארמאָגט בלויז אָט די דאָזיקע באשעפעניש אינעמ ווײַסנ כאלאט?—האָט דער באָכער פארלוירנ א טראכט געטאָנ.

— וואָס רעדט איר?—האָט ער, סאָפקאָלסאָפ, ניט אויסגעהאלטנ,—ווּעמעס איז עס? איכ...

זי האָט א מאמזערישנ קוק געטאָנ אפ דעמ שײַנעמ אונ פארלוירענעמ באָכער אונ זיכ אָנגערופנ:

— נישקאָשע, שעמט זיכ ניט... אלע יונגע טאטעס זײַנענ אזוינע שעמעוודיקע ווי איר... ס'איז א גליק, ניט קיינ ביזויענ... א גרויס גליק א זונ! איר פארשטייט גאָרניט!

— איכ פארשטיי טאקע גאָרניט, בירגערנ,—האָט ער אויסגעשטאמלט.

— אײַ, הערט שוינ אופ שפאסנ, איר זײַנט פונ ליסעווקע?

— יאָ, פונ ליסעווקע...

— זאָג איכ דאָכ... האלט רויִקער דאָס קינד, אקוראטער... אײַ, טאטעס, טאטעס... הײַנטיקע טאטעס... באלד וועל איכ ארויספירנ אײַער...—די פרוי האָט ווידער ניט געסטײַעט אונ וואסילי איז געבליבנ שטיינ ניט אהער אונ ניט אהינ...

— וואָס? ווּעמענ?.. נאָכ ווּעמענ האָט ער מיכ געשיקט? אָט א טײַוול... וווּהינ טוט מענ זיכ אהינ? נאָר וואָס טוט מענ מיט דעמ קינד? סײַדנ עס איבערלאָזנ, נאָר ווּו? אפ דער באנק? נו, א לעקציע... נו, א פראָפעסאָר.

מיטאמאָל האָט זיכ דאָס קינד צעוויינט. ער האָט ניט געוווּסט וואָס טאָנ מיט דעמ, וויִאזוי עס בארויִקנ. אפנ קינדס פּנעמל איז געלעגנ א זויער־ביטערלעכע מינע. דאָס קינד האָט שטארקער אָנגעהויבנ וויינענ. ער האָט אפ דעמ א קוק געטאָנ אונ דערזענ א קליינ פּנעמל, ס'האָט צעעפנט די ליכטיקע אייגעלעכ אונ ס'האָט זיכ געדוכט, אז סע האָט א שמייכל געטאָנ. ער האָט עס א וויג געטאָנ אפ

די הענט, זיך ארומגעקוקט איבערן קאָרידאָר, עפשער וועט ער עמעצן דערזען און עס אָפגעבן, ער זאָל קאָנען אײַליק אוועקפאָרן, נאָר ער האָט זיך ניט באוויזן א דריי טאָג, ווי ס'האָט זיך ווידער באוויזן די צעטראָגענע פרוי אינעם ווײַסן כאלאט, זי האָט געפירט נאטאשען צו דעם ארויסגאנג.

די יונגע מאמע האָט א ציטער געטאָן, דערזעענדיק דעם באָכער, זיך פארקוקט אָן א זײַט:

— וואָס האָט איר מיר געזאָגט?—האָט זי שטילערהייט געזאָגט,—ס'איז ניט מײַן מאן... דאָס איז...

— און איך האָב געמיינט...

וואסילי גאָלוב האָט אַף נאטאשען געוואָרפן אַן אומצופרידענעם בליק, גלײַך ווי זי וואָלט אין דער געשיכטע געווען שולדיק און באלד אראָפגעלאָזט די אויגן צום דיל. די שוועסטער האָט אָפגענומען בא וואסילן דאָס קינד און עס איבערגעגעבן נאטאשען. מע איז ביידע געגאַן אַף א טעהאלעך מיט אראָפגעלאָזטע קעפּ און קיינער האָט קיין וואָרט ניט ארויסגעזאָגט. נאטאשע איז געווען עטוואָס בלאס, נאָר אַף אירע באקן האָט געשפּילט די רויטלעכע פארב. זי איז געגאנגען צו דער בריטשקע, ווי טאָמעד, אזא שלאנקע. די בלאָנדע לאנגע צעפּ אירע זײַנען געהאנגען אַף אירע שטײַפע ברוסטן און אין אירע ליכטיק-בלויע אויגן האָט זיך גע־שפּילט דער פונק פון מוטערלעכן גליק. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן דעם באָכער, וואָס איז איר אמאָל געווען אזוי נאָענט, נאָר זי האָט א קוק געגעבן אַף אים, דערזען, אז ער שווײַגט אזוי אכזאָריעסדיק און גייט אזוי גלײַכגילטיק ווי א פרעמ־דער, האָט עס בא איר אָפּגענומען דעם ווילן צו ריידן. און ריידן האָט זיך איר איצט אזוי געגלוסט. זי קען עפּעס אצינד ניט שווײַגן. אזויפיל גדאנקען וועבן זיך אין קאָפּ. זי האָט איבערגעלעבט אזעלכע שווערע און גוטע מינוטן. נאטאשע איז מיט־אמאָל געוואָרן אומעטיק און זיך אנידערגעזעצט באקוועמער אַף דער בריטשקע. פאר־וואָס האָט מען אים, וואסילן, געשיקט זי אָפּנעמען?—האָט זי ניט געקענט פאר־שטיין. אַף וואָס האָט מען געדארפט צעיאטערן אירע וווּנדן? עך, דער רועך ווייסט עס, ווער האָט עס געטון?

וואסילי האָט אָפּגעבונדן די ווישקעס פונעם בוים, זיך אוועקגעזעצט מיט דער פּלייצע צו איר, ווי ער וואָלט פירן א ווילד-פרעמדע. די פערד האָבן גערירט פונעם אָרט, גיך איז פארשוווּנדן דאָס געבורט-הויז פון די אויגן, זיי האָבן פארקערעוועט צום ברייטן שליאך, וואָס אונטער די געדיכטע צווײַגן, מיט וועלכן ער איז אהער געקומען צו פאָרן.

ניט ווילנדיק האָט וואסילי זיך באגעגנט מיט איר בליק און ער האָט אליין ניט באמערקט ווי א שמייכל האָט זיך צעשפּרייט אַף זײַן פּאָנעם. ער האָט זיך שנעל אָפּגעקערט פון איר. דער שמייכל איז באלד פארשווּנדן פון זײַן פּאָנעם. ס'איז דורכגעלאָפן דער געדאנק, אז אַף דער בריטשקע זיצט זײַן פערזענלעכער פײַנט, וואָס האָט אים אזויפיל ליידן פארשאפט! וועגן דעם ווייסט דאָך גוט דער אלטער! איז פארוואָס-זשע האָט ער אים אזוי אונטערגעפירט? אָט א טײַוול! נו, ער וועט שוין בא אים אָפּלייזן.

די ברישקע גייט און נאטאשע קוקט זיך נײַגעריק אײַן אפן וואלד. זי איז דאָ שוין לאנג ניט געווען און ס'האָט איצט אזא צי געטאָן אהער. א ווינטל האָט זיך פון ערגעץ אהער געיאוועט. די צווײַגן האָבן זיך שטארקער צעפלאפלט. אָט פליט דורך איבער זייערע קעפּ א וואָראָנע און צעקראקעט זיך, ווי עמעצער וויל זי קוילען. א פיקהאָלץ פיקט אָן אופהער א דעמב. די קוקאווע לאָזט זיך ווידער הערן, זי האלט אין איין ציילן.

אָט ווי נאטאשע האָט אמאָל ליב געהאט זיצן מיט וואסילן אין וואלד און הערן ווי די קוקאווע ציילט! די קוקאווע האָט איר ניט איינמאָל פאָרגעזאָגט ווו זיי וועלן זיך ליבן... די קוקאווע האָט אויסגעציילט וויפל מע וועט אלט זײַן און וואָס האָט דעמלט די קוקאווע ניט אויסגעציילט, נאָר איינס האָט זי ניט געקאָנט פאָר־זאָגן—די צײַט פון זייער צעשיידן זיך, זייער רויגעז, און איצט בייזערט זיך נא־טאשע אפ דער קוקאווע און וויל, זי זאָל שוין אופהערן ציילן, זי זאָל נאטאשען אופהערן מוטשען.

דער גאנצער וואלד, די צווײַגן און פייגלען, די בינען און גראָזן, די זאמדן, די זשוקלעך און שפרינגערלעך בא די וועגן—אלץ רעדט, נאָר וואסילי האָט אָנגענו־מען וואסער אין מויל. און דאָס האָט זי אזוי שטארק גערעגט!

די לעצטע זון־שטראלן האָבן זיך שוין באהאלטן, איבערלאָזנדיק אפן האָריזאָנט א ראָזן שטיק זײַד. א פלוצעמדיקע גראגערײַ האָט צעשטערט די שטילע וואלד־סימפאָניע. דאָס האָבן ווידער באם סטאוואָק זיך צעגראגערט מיט די לאנגע רויטע שנאָבלען די בושעלס און אופגעוועקט דאָס קינד פונעם געשמאקן שלאָף.

דאָס קינד האָט אופגעעפנט די קליינינקע אייגעלעך און ס'האָט זיך פארקוקט אין דער הויך אפ די גרינע יעלן, גלײַך ווי די אייגלעך קענען שוין כאָטש עפעס וואָס דערזען... דאָס קינד האָט געמאכט א קרומע גרימאסע א ווינען צו טאָן, נאָר נאטאשע האָט געשמאק א קוש געטאָן איר זון און אָנגעהויבן אונטערזינגען:

Пішла киця по водицю
Тай упала у криницю
Стала плакать і кричать
Та нікому рятувать...
Баю, баю, бай...

בא וואסילן אין הארצן האָט זיך, ווי עפעס אָפגעריסן. וויפל מאָל האָט ער שוין געהערט איר צארטע שטים, נאָר אזא געזאנג ווי איצט האָט ער נאָך קיינמאָל, דאכט זיך, ניט געהערט. די רעדער פון דער ברישקע לאָזן איבער אינעם ווײַסן זאמד נײַע צוויי טיפע באראָזדעס און דער זאמד שורשעט צווישן די רעדער און מאָלט זיך אָן א סאָפּ און אָן אן עק.

די פערד שפאנען פאמעלעך און שפילן מיט די זײַדענע גריוועס. פון ניט וויסן וואָס צו טאָן טשאָמקעט וואסילי צו די פערד און ציט אָפטער ווי מע דארף מיט די ווישקעס. ער פאָכעט מיט דער בײַטש אינדערלופטן און הערט זיך אײַן אין נא־טאשעס געזאנג:

Пішов котик рятувати,
З води кицю витягати,
Та взяв кицю за вухо,
Тай витягнув де сухо
Баю, баю, бай...

דער טײַוול ווייסט עס, טראכט זיך וואסילי, פארוואָס דער וועג ציט זיך אזוי לאנג. דאכט זיך, אז אהער איז דער וועג געווענ אסאך קירצער? אינ קאָפּ ווערנ געבוירנ אזויפיל אומגעריכטע געדאנקענ, אונ ער ווייסט ניט וואָס מע טוט מיט זיי. קוקט ער זיך ארום איבערנ וואלד אונ דער וואלד דערמאָנט אים אזויפיל. ער דערמאָנט אים אינ יענע גליקלעכע אפדערנאכטנ, ווענ ער האָט דאָ פארבראכט מיט נאטאשענ. ער געדענקט דעמ אומפארגעסלעכנ ערשטנ קוש ערגעצ דאָ אינ שיינעם וואלד, ס'איז אים שווערער געוואָרנ איצט דאָ זיצנ אפ דער בריטשקע. דאָס הארצ האָט שטארקער גענומענ שלאָגנ. וואָס מער זיי האָבנ זיך דערנעענטערט צום דאָרפ, אלצ שווערער איז אים געוואָרנ. טרערנ האָבנ זיך באוויזנ אינ די אויגנ. ער האָט זיך ניט געקענט באהערשנ אונ אויסגעלאָזט דאָס גאנצע ביטער הארצ צו די פערדלעך.

מיטאמאָל האָט אינעם געפלאָנטער פונ זײַנע געדאנקענ אונ אינ דער וואלדישער שטילקײַט זיך ארײַנגעריסנ אנ אויסגעצויגנ אונ הילכיק זינגערײַ פונ מיידלשע שטימענ. אָט האָבנ זיך צעטראָגנ די קלאנגענ פונ א פרײלעכנ הארמאָניק. נאטאשע האָט אזש א צאפל געטאָנ אפנ אָרט: א מינ באקאנטע ליד! די דאָזיקע ליד איז איר איצט אזוי צום הארצנ. זי פילט זיך איצט פאר דער גליקלעכסטער פונ אלע מיידלעכ, וואָס זינגענ איצט אינעם כאָר, וואָס דערנעענטערט זיך אהער. ווענ זי שעמט זיך ניט פארנ באָכער, וואָלט זי זיך אפ געוויס צעזונגענ מיט דער כאָפּטע, אזש סע וואָלט זיך צעהילכט דער גאנצער וואלד. ס'האָט זי עפּעס ווידעראמאָל א ציגעטאָנ, ווי מיט א מאגניט, זי וויל עפּעס זאָגנ, נאָר זי זעט פאר זיך אביסל אנ אײַנגעבויגענע פלייצע אונ א ליכטיקע קוטשמע בלאָנדע האָר. נו, פארוואָס שווײַגט ער נאָכ אלצ, פארוואָס זאָגט ער איר גאָרניט? פארוואָס זיצט ער גלײַכ ווי ער פירט א פרעמדע?

זי האָט אופגעהויבנ די האנט. אָט־אָט גיט זי אים א טאסקע בא דער פלייצע. נאָר זי פארכאפּט, זי האָט צוריק אראָפּגעלאָזט די האנט, זי וועט צו אים גיט אָנהייבנ ריידנ די ערשטע. זי איז בא זיך נאָכ גענוג שטאָלצ, שטאָלצ פונקט ווי דעמלט...

דאָס מיידלשע געזאנג האָט זיך דערנעענטערט. אָנ זעט מענ שוינ דאָס אייגענע דאָרפ. א כאָפּטע מיידלעכ, וואָס איז געגאנ פונעם פעלד ארומגענומענ, ווי אינ א קאראהאָד, האָט זיך אָפּגעשטעלט באמ וועג א קוק טאָנ, ווער פאָרט עס אפ דער בריטשקע. מע האָט דערזענ נאטאשענ אונ אלע האָבנ זיך א לאָז געטאָנ צו איר. מיידלעכ האָבנ איר געדריקט די האנט, געקושט. באָכערים, וואָס זײַנענ אונטערגעקומענ, האָבנ צופרידנ אונטערגעשמייכלט, זי געגריסט אונ אייניקע האָבנ געוואָרפנ א בליק אפנ שווײַגנדיקנ וואסילנ, אפנ אומעטיקנ בריגאדיר זייערנ.

— וואָס איז דאָ געשען, א?

— זיי האָבן זיך שוין איבערגעבעטן?

— פארוואָס האָט ער אָנגענומען וואסער אין מויל?

— פארוואָס פירט ער זי? זי האָט אים אוועקגעוואָרפן...—האָבן די בליקן געפרעגט.

די בריטשקע איז געפאָרן מיטן דאָרפישן שליאך און די מיידלעך זיינען נאָכגע־גאנגען, געלאכט, געפלאפלט, זיך געוויצלט. וואסילי האָט מיט קאס א יאָג געטאָן, געוואָלט אנטלויפן פון זיי, נאָר די פערד זיינען באלד צוגעשטאנען און די כעוורע האָט זיך אויסגעגלייכט מיט דער בריטשקע.

... ווי שנעל עס לויפט די צייט! א גאנץ יאָר איז שוין אריבער און סע דאכט זיך, אז ס׳איז ערשט נעכטן געשען. אלץ איז נאָך אזוי פריש אין זיקאָרן און אזוי טיף אין הארצן...

וואסילי גאָלוב זיצט איצט אפ דער בריטשקע מיט א געדריקטער שטימונג און דערמאָנט זיך וויאזוי עס איז אלץ פאָרגעקומען. וויאזוי ער האָט זיך צעשיידט מיט נאטאשען. אזוי אומדערווארט איז דאָס געווען, אז ס׳גלויבט זיך אליין ניט. ער איז מיט נאטאשען דעמלט געקומען צו גיין צו א שאָכן אפ א כאסענע און געווען איז דאָרט אזוי פריילעך, אזוי היימלעך און גוט. פיר באנדוריסטן און דריי הארמאָש־קעס האָבן אָן אופהער געשפילט. און געווען איז דאָס נאָכן שניט, פונקט ווי איצט, מע האָט די ארבעט אין פעלד פארענדיקט און ס׳איז עפעס געווען אזוי גוט אפן הארצן, אז וואסילי גאָלוב האָט ניט געוווסט וואָס ער זאָל טאָן מיט זיך. נאטאליע האָט ניט נאָכגעשפירט נאָך וואסילן און באם טיש האָט ער איבערגעכאפט די מאָס, עמעצער האָט אים אזוי מעכאבעד געווען, אז ער האָט זיך קוים געהאלטן אפ די פיס.

— קום, וואסילי, בעסער אהיים,—האָט זי זיך שטילערהייט אָנגערופן, ווען זי האָט דערזען, אז ער איז ניט מיט אלעמען... דערנאָך האָט ער מיט אנדערע גע־טאנצט און צו איר אפילע ניט צוגעגאנגען...

... און שפעטער... א שיינע נאכט. אן אויסגעשטערנטער בלויער הימל איז גע־האנגען איבערן קאָפ. א גרויסע, בלוילעכע לעוואָנע האָט באשיינט דעם גאנצן וועג. אזא שיינע נאכט קאָן מען נאָר זען אין סאָפ אווגוסט: נאטאשע האָט שנעל געשפאנט, און פעסט בא זיך באשטימט וואָס צו טאָן ווייטער. און אומזיסט האָט וואסילי גאָלוב זי באלד דעריאָגט. אומזיסט איז געווען זיין בעטן, אז זי זאָל אים מויכל זיין, ער האָט זי ליב, ווי דאָס לעבן. זי האָט זיך אנטשיידן אויסגעדרייט פון אים און אוועקגעשפאנט אהיים, ניט געענטפערט אים קיין איין וואָרט...

... ער איז יענע נאכט נאָך לאנג געשטאנען לעבן איר קאליטקע, געווארט, נאָר אומזיסט. אן אומצופרידענער, א צערייצטער, מיט א צעבראָכן הארצ האָט ער זיך אומגעקערט אהיים.

סע האָט אים גענומען א פארדראָס: מיט אזא באָכער זאָל א מיידל אופהערן שפאצירן? זי וועט אים קומען בעטן. ער האָט זיך איינגעאקשנט, צו איר ניט געגאנ, ניט געשריבן, קעדיי זי איבערבעטן, נאָר ס׳האָט אים גאָרניט געהאָלפן. און אפ צע־לאָכעס אים, האָט נאטאלקע זיך אָנגעהויבן באגעגענען מיט קאָליען, זיין בעסטן גוטן ברודער, וואָס האָט זי אמאָל שטילערהייט ליב געהאט...

... ער איז אוועקגעפאָרן פונעם דאָרף אף א שטיק צײַט, געמיינט, אז דאָס וועט העלפן, נאָר ווען ער איז געקומען אהיים האָט ער זיך דערוווּסט, אז נאטאלקע האָט פאר קאָליען כאסענע געהאט און פון דעמלט אָן זײַנען זיי דערווײַטערט געוואָרן, און ווען ער האָט זיך באגעגנט אין גאס מיט עמעצן פון זיי, איז ער ארי־בערגעגאנגען אף דער צווייטער זײַט.

און אצינד זײַנען זיי ביידע אזוי אומדערוואַרט צונויפגעקומען, זיי פאָרן און א גאנצע כאָפּטע באגלייטער גייען זיי אלץ נאָך, לאכן, וויצלען זיך און שטיפן.

— שטילער, איר קענט נאָך אזוי אופוועקן דאָס קינד!—האָט זיך בא וואסילן פלוצעם ארויסגעריסן. ער האָט עס געזאָגט מיט א צארטקייט פון א פאָטער. עמעצער האָט זיך צעלאכט. ער האָט באמערקט, ווי נאטאליע שמייכלט אויך אונטער. ער האָט א שמײַס געטאָן די פערד:

— היי, רירט זיך נאָר! וואָס זײַנט איר, טײַוולאָנים, אנשלאָפן געוואָרן!

די פערדלעך, וואָס זײַנען בויקע געגאנגען, האָבן ניט פארשטאנען, פארוואָס קומט זיי אזא פסאק, זיי האָבן צו אים אויסגעדרייט די קעפּ און קימאט ווי געזאָגט:

— פע, וואסילי, דאָס זײַנען מיר שולדיק?..

די זאמד שורשעט אלץ ווי פריִער אונטער די רעדער פון דער בריטשקע. וואסילי סטארעט זיך טראכטן, אז קיינער גייט אים ניט נאָך. ער זיצט ווי פריִער בלויז מיט זײַן געליבטער אינצווייען. דאָס גאנצע דאָרף וועט באלד דערזען, ווי ער פירט נאטאשען. דאָס הארץ וועט פלאצן. ער איז אין קאס, נאָר ער פילט, ווי דער קאס גייט צוביסלעך איבער, ווען קיינער כוץ זיי איז איצט נישטאָ, וואָלט ער, דאכט זיך, אײַנגעשטעלט און וואָלט איר עפּעס געזאָגט. ער וואָלט איר עפּשער דער־מאָנט אין יענע גליקלעכע טעג, ווען זיי זײַנען געווען נאָענט, די ניט פארשטא־נענע ליבע זייערע און דער נארישער קאָפּ פון זייערע באגעגענישן... עך, ווען ניט יענער פארשאָלטענער אפדערנאכט, יענע כאסענע און דער צעלאָכעס, וואָלטן די כעוורע, וואָס גייען באנאנד, ניט געשפּאָט, ניט אונטערגעלאכט... קאָליע וואָלט ניט געווען דער זיגער, וואָס האָט בא אים אָפּגערויבט דאָס בעסטע, וואָס ער האָט פארמאָגט, זײַן קאלע, די ערשטע ליבע.

— פארפאלן, אלץ פארפאלן,—האָט ער געוואָרפן זײַן בליק, קיינער זאָל ניט זען, אף איר און אפן קינד, וואָס דרימלט אף אירע פארברוינטע הענט. און עפּ־שער איז נאָך ניט פארפאלן?—איז אים דורכגעפלויגן א געדאנק, און די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט צוויי פונקען.

וואסילי איז ווי פריִער געזעסן, פון מאָל צו מאָל אונטערגעטשמאָקעט צו די פערד, געקוקט אין איין ריכטונג—אף זייערע געדיכטע קאשטאנענע גריוועס, וואָס הוידען זיך לײַכט אף די העלדזער.

אָ, זיי זײַנען שוין אין מיטן דאָרף. אלץ מער אוילעם קומט ארויס פון די שטיבער א קוק טאָן, באגריסט זי. און וואסילן דוכט זיך, אז אלע קוקן אף אים, לאכן שטילערהייט אים אויס. ער וועט, דאכט זיך, באלד אראָפּשפּרינגען פונעם אבלוטשאָק און איבערלאָזן די פערד אזוי אָ אין מיטן שליאך, זאָל זי עמעצער אנ־דערש צופירן צו איר קאליטקע, וואָס איז אים אמאָל געווען אזוי ליב און צום הארצן; און וואָס איז פון אים געוואָרן אזוי פרעמד און ווײַט...

עך. װי ס'גלוסט זיך אצינד אזוי א רעד טאָן מיט איר, װאָס סע װעט זײַן װעט זײַן! סע קען ניט זײַן, אז זי זאָל װעגן אים ניט טראַכטן פּונקט אזוי װי ער. ער װעט איר אלץ זאָגן, אלץ, װאָס ס'איז אים אפן הארצן. נאָר װיאזוי טוט מען עס? סײַדן ער זאָל זיך מיט איר ערגעץ־װוּ באגעגענען. נאָר אומזיסט, זײ װעלן זיך מער אינערגעץ, אפאָנעם, ניט באגעגענען. זי דארף אױסכאָװען איר זון, זי דארף ליבן איר מאַן. און עפּשער האָט זי אים ניט ליב? עפּשער איז איר נאָך װאסילי ליבער פון איר איצטיקן מאַן, װאָס מע האָט אװעקגעשיקט אף עטלעכע טעג אין געגנט װעגן א גאָר װיכטיקן איניען און ער האָט זיך עפּעס פארהאלטן...

װאסילי װײסט, ער פילט, ער גלױבט, אז די ערשטע ליבע איז שטארקער פון אלץ... די ערשטע ליבע איז אומפארגעסלעך, ער פילט עס גוט. אָט איצט, באלד שױן. װען נאטאליע האָט אים געזאָגט בא דער קאליטקע װעגן זײער שײדונג און אז זי האָט דערנאָך, כאָטש געהאט האָט ער זיך בלױז די ערשטע צײַט אף איר שטארק געבײזערט, ס'זײַנען אים געקומען בײזע געדאנקען, נאָר ס'האָט אים ניט אופגעהערט ציִען צו איר, פארקערט, די כאװײרים זײַנע פרעגן נאָך איצט אויך, אלעמײַ זוכט ער זיך ניט אױס קײן אנדער געליבטע. אזױנע שײנע און צארטע מײדלעך זײַנען פאראן אין דאָרף, עפּשער נאָך שענערע פון נאטאליען און זײ װאָלטן גליקלעך געװען זײַן נאָענט מיט װאסילן. פון דערמאָלט האָט ער אפילע געפאטערט זײַן באָכערישע פרײלעכקײַט. ער איז מיטאמאָל צופיל, ניט לױט זײַנע יאָרן, עלטער געװאָרן און צופיל ערנסט.

אומבאמערקט זײַנען געבליבן הינטער זײ די לעצטע געסלעך און אָט איז שױן נאטאליעס כאטע. די אלטע מוטער האָט זײ באגעגנט בא דער קרענעצע, זי האָט ארומגעכאפּט קושן די טאָכטער, גענומען בא איר דאָס אײניקל און אָפּגעדאנקט װאסילן דערפאר, װאָס ער האָט איר טאָכטער געבראכט צו פירן פונעם געבורטהױז...

װאסילי האָט אף דער אלטער א קוק געטאָן און גאָרניט ניט געענטפערט, אים האָט זיך עפּעס אױסגעװיזן, אז די אלטע איזדעקװעט זיך אױך איבער אים, כאָטש זי האָט מיט איר אָפּדאנקען ניט געהאט קײן שום מײן...

אײניקע באגלײטער זײַנען געגאנגען מיט נאטאשען צו איר שטוב, באלאגערט דאָס קאָרידאָרל, געלאכט, געטומלט, נאָר װאסילי גאָלוב איז געזעסן עטלעכע מינוט אײנער אלײן אף דער ברישקע א צעטראָגענער, א באַרױגעזער, ער האָט פאמעלעך פארקערעװעט צוריק און אף װאָס די װעלט שטײט אװעקגעיאָגט צו דעם קאָלװירטישן הױף. ער איז נאָר אָפּגעפאָרן ביזן בריקל האָט ער דערזען, װי עמעצער לױפט אים אנטקעגן. דאָס איז געװען דער בוכהאלטער לוקא אָסיפּאָװיטש. ער האָט באהאלטן אונטער דער פּאכװע עטלעכע רױזן, װאָס ער האָט נאָרװאָס, אפּאָנעם, אָנגעריסן בא זיך אין סעדל. דער באָכער האָט אף אים א בײזן קוק געטאָן און א שמײַס געטאָן די פערד.

— הײ, װאסילי, װארט א רעגע, װוּ איז די געװינערן? װאסילי, זינו, װאָס האָסטו געבראכט, א ייִנגל, צי א מײדל?..

װאסילי האָט עפּעס א מורמל געטאָן אומפארשטענדלעכס:

— וואָס ביסטו אַזוי בייז?—האָט דער זעלבסטצופרידענער אַלטער לאַכנדיק אים נאָכגעשריגן, נאָר יענער האָט זיך שוין אַפילו ניט אומגעקוקט.—מע טאָר ניט זײַן בארויגעז, וואַסילי—פּאָרט אַמאָל זיך געליבוויעט... אַקשן נאַרישער...—דער אַלטער איז אַ רגע געשטאַנען און נאָכגעקוקט און זיך אַוועקגעלאָזט שנעלער צו דער געווינערן.

וואַסילי גאַלוב איז געקומען צו זײַן טויער. ער האָט עפּעס ניט געקאָנט אַרי־בערשפּאַנען די שוועל פון זײַן צימער. ער איז געווען צעטראָגן און ווי קיינמאָל אויסגעמאַטערט. ווען ער קאָסעט אַ גאַנצן מעסלעס דעם ווייץ, וואָלט ער ניט געפילט אַזאַ מין מידקײַט ווי אָט איצט. ער האָט זיך אַנידערגעלייגט אויפן טויקן גראָז אויפן בערגל. פונדאַנען זעט ער אָן דאָס שטילע טײַכל, דעם הויכן טשערעט, די ווײַסע ליליעס...

ס'איז שוין געווען פינצטער, ווען וואַסילי האָט זיך אומגעקערט אַהיים. ער האָט אַפילו די שײַן ניט אויסגעדרייט אין צימער און זיך אַנידערגעלייגט אויפן דיוואַן. קיין שלאָף האָט אים ניט גענומען. ער האָט געקוקט דורך דעם אָפענעם פענצטער אויף דעם אויסגעשטערנטן הימל. פון ווײַט האָט זיך אַהער דערטראָגן אַ זינגערײַ. צוביסלעך איז דאָס געזאַנג שטילער געוואָרן און זיך געווײַסערט אַהין צום וואַלד.

קיין שלאָף האָט וואַסילין אַלץ ניט גענומען. האָט ער אויפגעדרייט דאָס עלעק־טרישע לעמפּל אויפן טישל. ער האָט גענומען אַ ביכל, אָנגעהויבן לייענען, נאָר ער האָט איבערגעלייענט אַ זײַטל און עס געוואָרפן. ער האָט גענומען לייענען לידער נאָענטע, וואָס ער האָט ליב באַקומען נאָך פריִער, ווען ער האָט זיך געלערנט אין אַגראָטעכניקום, נאָר עפּעס האָבן די לידער אים אויך ניט גענומען. ער האָט זיי אַוועקגעוואָרפן. מע דאַרף נאַטאַליען אָנשרײַבן אַ בריוו, איז אים געקומען אַ געדאַנק. ער איז אויפגעשפּרונגען פונעם אָרט, גענומען אַ העפט און זיך געזעצט צום טיש שרײַבן. ער האָט אָנגעשריבן עטלעכע שורעס, זיך גענומען לייענען, נאָר ניט דערלייענט, האַסטיק צעריסן דעם בריוו, זי אַ שמיץ געטאָן אויפן דיל און זיך ווידער צוגעלייגט.

שפּעט באַנאַכט האָט זיך וואַסילי אויפגעהויבן פונעם דיוואַן, זיך אָפּגיך אָנגעטאָן און איז אַרויסגעגאַן אין דרויסן. אינערגעץ האָט מען שוין ניט געזען קיין פײַערל. קיין געזאַנג האָט מען שוין ניט געהערט. דאָס גאַנצע דאָרף איז שוין געווען פאַר־הילט אין טיפן שלאָף, נאָר די ביימער האָבן געפּלאַפּלט שטילערהייט און פונעם וואַלד האָט זיך אַהער געטראָגן אַ וויינענדיק קאָל פון אַ סאָווע.

דער באָכער איז אַ רגע געשטאַנען, געטראַכט, וואָס טון. יאָ, ער וועט גיין צו איר, ער וועט איר זאָגן און געניג, זאָל זי טאָן וואָס זי פאַרשטייט. מער קאָן ער ניט.

מיטן אַלטן באַקאַנטן וועג, מיט דער סטעזשקע, וואָס שלענגלט זיך אין די גערטנער, האָט וואַסילי גאַלוב זיך געלאָזט גיין צו איר הויז. ער איז געגאַן און אַרום אים איז געהאַנגען אַן אומענדלעכער אויסגעשטערנטער הימל, אַן אומרויִקע שטילקײַט. ווען ער איז צוגעקומען צו איר כאַטע האָט ער אַ צאַפּל געטאָן. ער איז די גאַנצע צײַט געגאַן פאַרטראַכט און אומדערוואַרט דערזען אַ פײַערל בײַ איר אין פענצטער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, שטילערהייט צוגעגאַנגען צום פענצטער,

אפ זײַנ פּאָנעמ האָט זיכ צעשפּרייט א גוטער שמייכל, װענ ער האָט דערזענ נאַ-טאשענ, װאָס איז געזעסנ לעבנ װיגעלע. זי האָט געהאַלטנ דאָס קינד אפ די הענט אונ דאָס קינד האָט געזויגנ האסטיק פונ איר װײַסער ברוסט. נאטאליעס צעפּ זײַנענ געװענ א ביסל צעשויבערט, זי האָט בא דער ראָזער שײַנ פּונעמ לעמפּל אויסגעזענ מיד אונ צארט, אזא צארטע האָט ער זי עפּשער קיינמאָל ניט געזענ. װאסילי האָט שעמעװדיק א קוק געטאָנ אפ איר אנטבלויזטער ברוסט, אפ די שיינע אקסלענ, אפ איר האלדז, װאָס איז ארומגענומענ מיט א קליינ שנירל פּערלמוטערנע קארעלנ—זײַנ אמאָליקער מאטאָנע. ער איז אצינד געװענ, האָט זיכ געדוכט, איבּערזיכטיק צומ קינד, צו דער שטוב, צומ װיגל אונ צו אלצ, װאָס שטייט דאָ פאר אירע אויגנ.

נאטאליע האָט אָפּגענומענ דאָס קינד פונ דער ברוסט אונ עס אװעקגעלייגט אינ װיגל, צוגעװיגט אונ גענומענ אפ די אקסל איר געקװייטלטע שאל.

װאסילי איז אָפּגעגאנגענ א ביסל פונעמ פענצטער, זיכ אװעקגעזעצט אפ דער פּריזבע. ס'איז איבערגעגאנגענ א מינוט, נאָר געדאכט האָט זיכ אימ, אז ס'איז א יאָר... די טיר האָט זיכ שטילערהייט געעפנט אונ נאטאליע האָט זיכ אָפּגעשטעלט אפ דער שװעל. זי האָט מיט א פולער ברוסט אײַנגעזאפּט די באנאכטיקע פרישע לופט אונ געקוקט אינ דער װײַט אהינ, װוּ סע שװארצט זיכ דער װאלד, אונטער די שטערנ. װאסילי האָט שטילערהייט אויסגעצויגנ, װי ער זאָל איר אײַנרוימענ א סאָד...—נאטאליע, ס'איז דו?..

נאטאליע האָט דערשראָקנ זיכ א כאפּ געטאָנ אונ דערזענ דעמ באָכער. ער איז שנעל צוגעגאנגענ צו איר. זי האָט אפ אימ אופגעהויבנ דעמ בליק אונ באלד אראָפּ-געלאָזט.

— װי קומסטו אהער אזוי שפּעט, װאסיע?...—האָט זי אומרויִק געפרעגט.

— גאָרניט... אזוי זיכ... נו, איכ האָב זיכ נאָכ דיר פארבענקט!—האָט ער ניט זיכער ארויסגעזאָגט.—דו הערסט, נאטאליע, בייזער זיכ ניט אפ מיר. איכ האָב דיכ אזוי ליב, אז דאָס הארצ װערט צעריסנ אפ שטיקלעכ.

— דו האָסט מיכ ליב?

— װי דאָס לעבנ...

— האָסט מיכ אזוי ליב, אז דו האָסט מיר אפ דער בריטשקע קיינ װאָרט ניט געזאָגט, זיכ אפילע ניט געגריסט... נאָכ ערגער װי א פרעמדער...

אינ אירע אויגנ האָבנ זיכ געשטעלט טרערנ. זי האָט זיי אָפּגעװישט מיט א שפּיצ פונעמ שאל.

— פרעג מיכ איצטער ניט, נאטאליע, נו, איכ קענ דיר אצינד גאָרניט דער-ציילנ... פארשטייסט...

ביידע איז מענ געשטאנענ אָנ װערטער, װי ס'װאָלט בא זיי דאָס לאָשנ אָפּגענומענ. װאסילי האָט איר ניט געקענט קוקנ גלײַכ אינ די אויגנ. דער געדאנק, אז איבער אימ װיינט זי אצינד האָט אימ ניט געלאָזט רוענ. פארװאָס האָט ער איר דאָרטנ טאקע אינ װעג קיינ װאָרט ניט געזאָגט? זי ניט באגריסט?

— נאטאליע,—האָט דער באָכער אָנגענומענ דעמ עק פונ איר שאל,—נאטאליע, איכ באגריס דיכ... א טײַערנ זונ האָסטו... אונ גיב איבער א גרוס...—האָט ער מיט א געפאלענער שטימונג צוגעגעבנ.

— ווּעמענ איבערגעבנ א גרוס?

— נו, קלאָר ווּעמענ, דײַנ מאַנ, קאָליענ... שרײַב אים אָנ...

— גוט, כ׳וועל אָנשרײַבנ... אַז וואָס?

— דו ווייסט שוינ אַליינ... וואָס דו ווילסט שרײַב אים...

— גוט,—האָט זי א שמייכל געטאָנ,—א גרוס פונ דיר?

— דו הערסט, נאַטאַשע, איכ האָב אַזוי געבענקט נאָכ דיר... אַזוי געבענקט!

— אונ איצט?

— אונ איצט נאָכ שטאַרקער,—ער האָט אופגעעפנט דאָס מויל ווי סע וואָלט אים קיינ לופט ניט געסטײַעט אונ אַראָפּגעלאָזט די אויגנ צו דער ערד,—איכ קענ עפּעס דיר איצט גאָרניט זאָגנ, דער רועכ ווייסט פאַרוואָס.

— אונ איכ, מיינסטו, קאָנ?—האָט זיכ אפ אירע ליפּנ באַוויזנ א מילדער שמייכל. דער שאַל האָט זיכ עטוואָס אַראָפּגערוקט פונ די נאַקעטע אַקסל, האָט זי אפ גיכ פאַריכט דעם שאַל, ווי זי וואָלט זיכ שטאַרק פאַרשעמט פאַרנ באָכער.

— דו הערסט, נאַטאַליע, איכ דאַרפ דיר איצט אַזוינס זאָגנ!

נאַטאַליע האָט אים ניט געלאָזט ענדיקנ, זי האָט אים אַרומגענומענ אונ א גע־שמאַקנ קוש געגעבנ.

אינ דער נאַכטיקער שטילקײַט דורכ דער צעעפנטער טיר האָט זיכ געהערט, ווי דאָס וויגל אינ שטוב האָט אָנגעהויבנ סקריפּענ. דאָס קינד האָט זיכ צעווײנט. נאַ־טאַליע האָט אָפּגעשטויסנ פונ זיכ דעם באָכער.

— גיי, וואַסיע, איכ בעט דיכ, דו זאָלסט מער צו מיר ניט קומענ... ס׳איז עפּעס אַזוי שווער... גיי דיר אַהיים...—האָט זי צו אים א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט.

א מינ מאָדנע שטימונג האָט אים אַרומגענומענ ווענ ער איז אַרויס. ער האָט זיכ נאָכאַמאָל פאַרקוקט אינ איר פענצטער. אָט האָט נאַטאַליע אופגעהויבנ דעם בליק, זיכ צעשמייכלט אונ צו אים א מאַכ געטאָנ מילד מיט דער האַנט:

— גיי שוינ אַהיים, וואַסילי, ס׳איז שוינ אַזוי שפּעט.

וואַסילי האָט זיכ שטיל צעלאַכט פונ איר זשעסט. ער איז דאָ נאָכ געשטאַנענ עטלעכע רעגעס, א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ ווי א גוטער באַקאַנטער אונ אַוועקגע־גאַנגענ אַהיים.

ער איז געגאַנגענ מיט דער סטעזשקע, וואָס שלענגלט זיכ אינ די גערטנער. ער איז געגאַנ מיט טאַנצנדיקע טריט אונ דער רייעכ פונעם רייפנ קרויט אונ פּאָמידאָרנ, דער זאַפט פונ עפּל אונ פלוימענ אינ די סעדלעכ האָבנ אים פאַרשלאָגנ דעם אָטעם. ער האָט געשפּאַנט א באַרוּיִקטער, נאָר ניט קיינ גליקלעכער. דער הימל איז שוינ געווענ אַרומגענומענ אינ ערעווּבאַגינענדיקער גרויקײַט, דאָס צוויטשערײַ פונ די זשאַוואָראָנקעס אונ א ווײַט געשריי פונ א קוקאַווע האָט געגעבנ צו וויסנ, אַז דער טאָג קומט אָנ. ער איז געגאַנגענ פּאַמעלעכ אונ א שטילער געזאַנג, אַנ אומרו־יִקער איז געלעגנ אפ זײַנע ליפּנ. ערגעצ ווײַט איבערנ טײַכל, צווישנ די אַלטע אי־ווּעס אונ ווערבע־ביימער האָט אַרויסגעקוקט דער ערשטער שטראַל פונ דער זונ. וואַסיע איז געגאַנגענ אַנטקעגנ דער אופגייענדיקער זונ אונ דאָס געזאַנג האָט אים אפ קיינ רעגע ניט פאַרלאָזט.

---

ב. אָרשאנסקי

# דער געלער פּאס

(דראמאטישער פראגמענט אין איין אקט)

פ ע ר ז אָ נ ע נ:

ש ל ו י מ ע, אן אָרעמער דאָרפסמאן, א יאָר 60.

ד וו ו י ד ע, זײַן פרוי, אביסל ייִנגער פאר אים.

כ א יִ ם . . . . . . זייער זון.

מ י ר ע . . . . . . זײַן פרוי.

ד אָ וו י ד } . . . . . זייערע קינדער.
ב אָ ר ע כ

ל י א . . . . . . באָרעכס קאלע.

ב יי ל ע . . . . . . איר באָבע.

ג ר ו נ ע, א יעסוימע, האָדעוועט זיך בא שלוימען.

א ל י ע ס, א ווײַסרוסישער פויער.

מ א ר י א . . . . . . זײַן פרוי.

א פ א נ א ס . . . . . . זייער זון.

דער ראָוו, דער באדכן, קלעזמער, געסט, דער פריסטאוו.

א כאטע אין דאָרף.

אן אלטע דאָרפישע שטוב, א לאנגער צימער מיט א נידעריקער סטעליע. דער צימער איז פרימיטיוו צוגעפוצט. עס הענגען שטיקלעך גרינס איבער די ווענט. אפ די פענצטער שטייען פעלד־בלומען אין לאָדעסעס. אָרעמינקע גארדינען הענגען אי־בער די קליינע פענצטערלעך. א בליצלאָמפּ. איבער די ווענט עטלעכע קליינע לעמפלעך. צעשטעלטע טישן, באדעקטע מיט טישטעכער. ארום טישן און ווענט — פּאָשעטע בענק און שטולן פון פארשיידענע מוסטערן. אין הינטערגרונט — א שטול א צוגע־פוצטער פאר דער קאלע. בא דעם שפיגל הינטער דער קאלעס שטול שטייען ליא און גרונע. ליא אין א פּאָשעטער ווײַסער קלייד אָן א שלעפּ, אָן א פאטע. גרונע פארשפיליעט איר דעם קראגן.

ג ר ו נ ע: איין ווײַלינקע נאָר, איך וועל דאָס קנעפּעלע פארשפּיליען, ביסטו פאר־טיק, כאָטש גיי און שטעל זיך אונטער דער כופּע.

ליא: ווי שווער עס איז אויסצושטיין אָט די נארישע מינהאָגים... גיי און שטעל זיך אוועק אונטער פיר פלעקער, ווי א גוילעם, און אלע זאָלן דיך באקוקן, ווי אפ א כאַיע אין א קלעטקע.

גרונע: (באטראכט איר אָנטאָן) פאר די עלטערן וואָלט דאָס געווען א גרויסער צאר, (פאלט צו צו איר), ווי גליקלעך דו ביסט, ליא.

ליא: און דו?... איך גלויב, אז דו ביסט ניט ווייניקער גליקלעך פון מיר. די בענקשאפט פרעסט, איך ווייס, אין בענקשאפט אָבער לײַטערט זיך א הארץ. דער מענטש ווערט גרעסער, דער האָריזאָנט ווערט ברייטער, דער געפיל טיפער (פאוזע) דאָדיע איז א גרויסער מענטש. ליבן אים און זײַן פון אים געליבט — איז ניט קיין קליינער גליק, עס לוינט צו לײַדן און צוווארטן. מען דארף נאָר די האָפענונג ניט פארלירן... ער'ט קומען, ער'ט קומען צו דיר, דײַן געגארטער. (קושט זי, באַרויִקט זי).

גרונע: ווער ווייס, ווי עס וועט אים זײַן דער וועג. ער האָט שוין לאנג געדארפט קומען... עס זאָל כאָלילע וואָס ניט טרעפן אפן וועג... (גייט לאנגזאם איבערן צימער). ווי שווער עס איז, גאָט מײַנער, פון קינדווײַז אָן צו לעבן אין מײַנע צאָרעס... דער מאמען האָט דער דאלעס פארשניטן אין די סאמע בליִענדיקע יאָרן אירע... דער טאטע האָט ניט אויסגעהאלטן און איז אוועק פונדערהיים... וואנדערט ער ערגעץ ווער ווייס ווו... און טאָמער האָט איך דאָ א ווינקעלע געקראָגן און א א פרײַנט אזא, וואָס קען אמאָל אי א טאטן, אי אפילע א מאמען פארבײַטן, וואלגערט ער זיך ערגעץ אין סיביר און ניט איין מאָל איז זײַן לעבן געשטאנען אין געפאר. דו ווייסט ניט, ליא... שטענדיק דוכט זיך מיר, אז עטוואָס שרעקלעכעס וועט מיט אים טרעפן, אז אָט... א שאָס... און... (טוט א ציטער, פארמאכט דעם פּאָנעם מיט ביידע הענט, צעוויינט זיך און פאלט אפ ליאס אָרעם. ליא באַרויִקט זי, גלעטנדיק זי איבערן קאָפּ) אך, דאָדיע, דאָדיע, ווען וועסטו שוין קומען און אומקערן מיר מײַן פרייד און ווידער זאָל בליִען מײַן יוגנט אין דײַנע פעסטע אָרעמס.

ליא: (נעמט ארום איר קאָפּ, קושט זי... פאוזע. גייט אָפּ עטלעכע טריט, פארטראכט זיך) בא יעדן ליגט ערגעץ טיף אין הארצן א ווייטעק.

גרונע: בא דיר איז דאָס הארץ לויטער, ווי די זון.

ליא: אפ דער זון זײַנען אויך דאָ פלעקן, גרונע.

גרונע: בא דיר א פלעק? וואָס רעדסטו, ליא...

ליא: דו ביסט א קינד און נאָך ווייניק קענטיק געלעבט. דאָס לעבן איז גרויזאם, גרונע, און לאָקערט דעם מענטשן אפ יעדער שריט... ווער ווייס, וואָס עס קאָן נאָך זײַן?...

גרונע: איך פארשטיי גאָרניט... האָט וואָס געטראָפן, ליא?

ליא: קום, מירן גיין. עס הייבן זיך שוין אָן צו קלײַבן די געסט. (ביידע אָפּ, עס קומען ארײַן דווירע, מירע,ביילע, עטלעכע מעכוטענעסטעס. זיי טראָגן כאסנע־קיבעד, צעשטעלן דאָס אפ די טישן).

דווירע: (זעצט זיך צו. נעבן איר — די באָבע ביילע. מירע געפינט זיך נאָך באם טיש, שטעלט עפעס איבער, און בלײַבט שטיין הינטער די באָבעס. די מעכו־

טענעסטעס זעצן זיך ארום ארום די באָבעס)... אזוי איז דאָס, פרײַנט מײַנע, געווען... דעמאָלט געדוכט האָט זיך אז דער הימל ליגט זיך אף דער ערד. דאָווידס הארצ האָט ניט אויסגעהאלטן. ער האָט ניט געקענט קוקן אף שלוימעס צאר: אינמיטן נאכט,— א רעגן, א שליאך, —האָט מען געטריבן צום פּאָרעצ טאנצן אף זײער א כאסלערע, צי כ'וײס וואָס עפּעס... און דאָוויד האָט מיט א שטײן געגעבן א זעצ אין פּאָרעצס פענצטער... איר קענט זיך שוין פאָרשטעלן וואָס עס איז געווען: ווי הײשעריקן זײַנען זײ אָנגעפאלן אף אונדז, צעבראָכן, צעשטאָכן, ארויסגעוואָרפן אלצ אף דער גאס... אין אײן נאכט זײַנען מיר געבליבן בעטלער. אײן גאָט װײס, ווו האָבן זיך בא אונדז גענומען קויכעס אלצ אריבערצוטראָגן. ס'איז טאקע עמעס, וואָס מע זאָגט: „א מענטש איז אמאָל שטארקער פון א פערד". אליעס, אליעס האָט אונדז געשטעלט אף די פיס — פריִער גאָט און נאָכדעם ער... ט'אונדז א ווינקעלע געגעבן, געהאָלפן אונדז פארזײען א שטיקל ערד, ט'אונדז אופגעבויט א קלײטל... און איצט... געלויבט איז דער, וואָס לעבט אײביק... געשטעלט זיך אביסל אף די פיס און אָנגעהויבן צו לעבן מיט לײַטן גלײַך, אָן די כסאָדים פון בערקע דעם קרעטשמער.

בײלע: רערפאר האָט דיר גאָט צוגעשיקט א שנור אײנע אין דער וועלט.

גרונע: (קומט ארײַן פון רעכטס זײער אומרוּיִק). וואָס איז מיט ליען? זי איז אזוי אומרוּיִק און װײנט.

דווירע: געווײנטלעך ווי פאר א כופּע... דאָס הארצ איז ניט רוּיִק, קינד. (גרונע אן אומרוּיִקע, גײט אָפּ צום פענצטער).

א מעכוטענעסטע: זאָגט מיר, טײַערינקע, שוין לאנג, אז דער כאָסן מיט דער קאלע האָבן זיך באקאנט?

בײלע: ...איר הערט, ליובינקע, וואָס קען אמאָל טרעפן, מע זאָגט טאקע „א וואָרט באשטײט"... אז די קינדער זײַנען נאָך פּיצעלעך געווען, האָבן זײ צוואמען אין זאמד געשפּילט. אזוי זיך אין שפּאס זאָגט לײקעס מוטער צו מירען: „עפּשער וואָלטן מיר זײ גאָר אצינדער פארקנאסט, וואָס זאָגסטו, מירע?"... איז מײנט איר טרעפן זײ זיך ניט אין ווילנע...

א מעכוטענעסטע: מע זאָגט זי לערנט אין פּעטערבארג?

א צווײטע: אף דאָקטער, זאָגט מען, הא, ס'איז עמעס?

בײלע: וואָס רעדט איר, טײַערע, ראָטשילד זײַנען מיר, צי וואָס?... פונעם לעצטן שיק איך איר אוועק. אביסל העלפט צו דווירע... כ'וויס, אן אקושערקע ס'זיך איר פארוואָלט זײַן... ווער וויס, צי וועלן טראָגן די קויכעס...

א דריטע: אזוי... אן אקושאָרקע... ס'א וועלט געוואָרן. זאָגט מיר, בײלינקע, איר גיט איר עפּעס אסאך נאדאן?

דווירע: וואָס רעדט איר, וואָס? דאָס איז בא זײ טרײף, ווי בא א קאָשערן ייִדן כאזער... אז ער... ער לערנט, זאָגט ער, אף „פּראָפעסאָר", (הויבט זיך אוף פון אָרט) נו, קומט, זאָל זײַן ווי די יונגע זאָגן. אלצײנס הערן זײ אונדז ניט... נאָר גוט, וואָס זײ האָבן אוואזשעט און געקומען צו דער כופּע. (גײען אין טיר לינקס. פּאוזע. גרונע שטײט אין פענצטער, קוקט ארײַן אין דער נאכט-פינצטערניש. א ווײַלע איז שטיל און באלד הויבט זי אָן שטיל און הארציק צו זינגען).

גרונע: פאַרשטעל, פאַרשטעל דעם שימער פון לעוואָנע,
אין וואָלקנס, נאַכט, היל איין, באַהאַלט די שטערן,
פאַרטויב, מע זאָל פון פור דעם קרעכץ ניט הערן
און קיינער דאָדיעס קומען זאָל ניט שטערן.

אפאַנאַס: (ווייזט זיך אין פענצטער) בלײַב דאָ. זאָלסט ערגעץ פון דאַנען ניט אוועקגיין. איך וואַרט יעדע מינוט, ער זאָל אָנפאָרן. ווער דאַרף, צו אַלע שוואַרצע יאָר, די כאַסענע.

(עס הויבן אָן אָנקומען מעכוטאָנים, מעכוטענעסטעס מיט קינדער. מירע באַגעגנט זיי. מע קושט זיך, מע ווינטשעוועט זיך. דער באַדכן באַגעגנט יעדע גרופע מעכוטאָנים מיט אַ באַזונדער פּיזמון).

באַדכן

ס'קאָצל קומט, ס'קאָצל קומט, ס'קאָצל קומט!...
אַ וואַרע מאַכט, אין העלער נאַכט
דער אשירע, דער כצופּע...

קלעזמער

דער צנוע, יאָלד.

באַדכן

דער צנוע האָישע.

(צום קלעזמער)

ווער איז זי, די פאַרשוין
אַ נאָז, די לענג, ווי אַן אַרשין.

קלעזמער

דעם שמידס, יענטע דעם שמידס.

באַדכן

דער צנוע יענטע מיט איר מישפּאָכע
זאָל שיקן גאָט אַ מאַזל־בראָכע.
די סמיקעס פריילעך גיט אַ פיר
צעקושט זיך, מירע לעבן, מיט איר.

(צום קלעזמער)

אַ יאָר אַזאַ אַף מיר,
ווי איך וואָלט דאָס געטאָן פאַר איר.

מעכוטענעסטע: מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו... האַלעווײַ זאָלן מיר דערלעבן באַ אייניקלעך טאַנצן אַף כאַסענעס, און נאָכדעם וועלן מיר באַ דעם, וואָס לעבט אייביק, בעטן ווײַטער. (צעקושן זיך. מירע זעצט זי אַוועק. עס קומט אַרײַן נאָך אַ מישפּאָכע מיט אַ יונג ווײַבל. מירע גייט זיי אַנטקעגן. עס־נייט איר אַנטקעגן אויך גרונע).

באדכנ

ס׳קאַצל קומט, ס׳קאַצל קומט, ס׳קאַצל קומט!
באגעגנט, קלעזמער, מיט א פריילעכס
די צנוע, די קראסאוויצע רעב מוילעכס.

(צום קלעזמער)

א יעפּייפּע, געזונט זאָל זי מיר זײַנ
אנ׳עסעריק א יאפער, גאָט זאָל אזוי לעבנ.

(די קלעזמער גיבנ א רעכטנ שפּיל צוליב דער „קראסאוויצע", זי רויטלט זיכ, לאָזט אראָפּ די אויגנ).

מעכוטאָנים: מאזלטאָוו, מיט מאזל זאָלנ מיר לעבנ. האלעווײַ זאָלנ מיר, גררנע, טאנצנ אינגיכנ בא דיר אפּ כאסענע.

גרונע: א דאנק פאר א גוטנ ווונטש. נאָר ניט וועגנ דעם טראכט איכ אצינד... אבי ער זאָל נאָר קומענ א געזונטער...

(מירע פירט זיי אָפּ אונ זעצט זיי אויבנאָנ. עס קומט ארײַנ די שייכעטקע. מירע לויפט איר אנטקעגנ).

באדכנ

ס׳קאַצל קומט, ס׳קאַצל קומט, ס׳קאַצל קומט!
די שייכעטקע איז דאָ, אָט גייט זי, סאָרע־וויכנע...

(צום קלעזמער)

א בוזים ווי א שטענדער, כאַטש כאפּ ארײַנ א מינבע.

מירע: א דאנק פאר אײַער גרויסער טירכע. אז דער, וואָס איכ האָב די הענט ניט געוואשנ, וועט אונדז אלעמענ העלפנ, וועלנ מיר אָפּדינענ אפּ סימכעס, זײַט שוינ זיכער.

שייכעטקע: אבי גאָט זאָל שוינ אונדז פונ גאָלעס באפרײַענ. שוינ צײַט כ׳לעבנ.

מירע: (זעצט זי אויבנאָנ, טראָגט איר אונטער קיבער) פארזוכט, ניט לאָזט זיכ בעטנ. נעמט א טייגעלע, אביסל אײַנגעמאכטס, א שטיקל געשניטנ סאָק — ס׳איז א מײַכל אינ מויל צו נעמענ...

שייכעטקע: א דאנק, א גרויסנ דאנק. צו וואָס זאָלט איר זיכ באמיִענ? (נעמט פונ טעלער, עסט). עס האָט דעם טאם פונ א צאפּיכעס.

ביילע: (ווײַזט זיכ אינ טיר לינקס) שוינ צײַט די קאַלע צו באזעצנ. מעכוטענעסטעס, קומט ארײַנ.

(די עלטערע מעכוטענעסטעס טוענ זיכ א שאָט צו דער טיר לינקס, פונ ווײַט דערטראָגט זיכ א געזאנג. די קלעזמער כאפּנ אופּ דעם ניגנ. עס הויבנ אויכ אָנ זינגענ די געסט אינ שטוב. באלד באגעגענענ זיכ ביידע כאָרנ. טאנצנדיק לאָזט זיכ ארײַנ א גרופּע מעכוטאָנים, בעראָש פונ זיי גייט שלוימע. ער האלט אינדערהויכ א פלעשל בראנפנ. זינגענדיק אונ טאנצנדיק פארפילנ די מעכוטאָנים דעם צימער. מיד ווערנדיק טוט זיכ שלוימע א זעצ אינ שטול, נאָכנ זינגענ זיצט ער א ווײַלע בעגעלופנדיק, גיט א פּאטש איבערנ טיש).

שלוימע: מיר צאָלן, ייִדן, פאַר אַלץ צאָלן מיר גענוג. אַביסל קליגער דאַרף מען ווערן, ייִדן, שוין צייַט, שוין צייַט צו ווערן קליגער, ייִדן.

דער ראָוו: אַביסל פרימער דאַרף מען ווערן, שלוימע, ווי ווערט מען פרי־מער, האַ?

שלוימע: מיט פרומקייַט, זעט איר, רעב יויעל, זייַנען מיר שוין זאַט גענוג. פרומקייַט, זאָגט די וועלט, איז ענלעך צו בויכווייטעק. אַז אַ מענטש זאָגט, אַז אים טוט וויי דער בויך, מוזטו אים גלויבן אויפן וואָרט, ווייַל דער ווייטעק ליגט ערגעץ טיף באַהאַלטן. דאָס זעלבע איז מיט פרומקייַט. אָט נעמט, לעמאָשל, אונזער קרעטש־מער בערקע. פרום איז ער ווי אַ שטעקן, קלאַפּט אין שטענדער, דרייקעט זיך שטאַרק, און בעט בא מיר צוויי צעבראָכענע גראָשנס פאַר זייַן פרומקייַט... אַ פּראָצענטניק, אַ באַרייַסער, קוקט מיט זייַנע מיִעסע מענווולדיקע אויגעלעך יענעם גלייַך אין קעשענע אַרייַן. דער יונגער דאָר איז אַסאַך קליגער פאַר אונדז, ער לאָזט זיך ניט שפּייַען אין דער קאַשע (הייבט זיך אויף, זינגט אונטערטאַנצנדיק)... „מייַן דאָווידל, מייַן דאָווידל, מייַן דאָווידל, ווו ביסטו?".

דער ראָוו: אַזוי, רעב שלוימע, גאָר דער יונגער דאָר. דו ווערסט אַ קויפער, שלוימע.

שלוימע: אין נאַרעשקייַטן יאָ. דער אויבערשטער אַליין האָט קיינמאָל קיינעם קיין רענדלעך ניט געשאָטן אין די קעשענעס (עס קומען אַרייַן אַליעס און מאַריע. שלוימע דערזעט זיי, טוט אַ שפּאַן צו זיי און באַגעגנט זיי פרײדיק). אַליעס און מאַריע, קומט אַהער, אָט דאָ, פון אויבנאָן איז אייַער אָרט. (זעצט זיי אַוועק, גיסט אָן די גלעזלעך. דער ראָוו גייט אָפּ אָן אַ זייַט) בראַטישקע, נעם דאָס גלעזל. לעכאַיִם, אַליעס; לעכאַיִם, מאַריע; לעכאַיִם! ייִדן. אייַך אַלעמען וואָלט איך געווונטשן האָבן אַזאַ האַרץ, ווי אָט ער, אָ. איר הערט, רעב יויעל? וואָס זייַט איר אַוועקגעגאַנגען, קומט אַהער: אין יענער נאַכט, ווען די טייַכעכע האָט זיך אויסגעגאָסן אָפּ אונדז, האָט אַליעס אונדז געגעבן אַ ווינקעלע, און ניט בערקע, וואָס מעלקט מאַלאָכים אַלע נאַכט.

דער ראָוו: עס טרעפט אַמאָל אַ גאָי פון די כסידיי אומעס האָיוילעס...

שלוימע: (מיט כיִוזיק) איר הערט, רעב יויעל... אָפּ אייַך איז אָנגעמאָסטן אָט יענץ גלייַכווערטל... איר ווייסט דאָך, ווי מען זאָגט: „איר ווערט פאַרפאַלן גאָר אומזיסט, איר האָט געקאָנט זייַן אַ טיפּעש אָפּ גאַנצע קראַ־כים, און זייַט גאָר אַ ראָוו אין אַ קליין שטעטל... (טוט זיך אַ שאַרפן קער צו אַליעס און מאַריען. אין אוילעם גייט דורך אַ שמייכל, פאַרשטיקטער געלעכטער) נעם, נעם, אַליעס, און דו, מאַריע, נעם אויך אַ קוסע. איר זייַט בא מיר די סאַ־מע אָנגעלייגסטע געסט. אַ גאַנצע שטוב, אָן אָנגעפּאַקטע מיט בערקעס, וואָלט איך אפילע אָפּ איינעם פון אייַך ניט פאַרביטן.

אַליעס: (טרינקט אויס אַ גלעזל) אין יענער נאַכט האָט בערקע אויסגעזען, ווי מע וו׳לט אים נאָר וואָס אויסגעמאָלקן. איך האָב אָם דעמאָלט אין די אויגן גלייַך געזאָגט — אַ כאַרפּע, בערקע, גאָר ניט פייַן. מע טאָר אָן אייגענעם ברודער ניט פאַרלאָזן אין שווערע צייַטן.

מאריא: (גיט א פאטש מיט די הענט, ווי זי וואָלט נאָר וואָס דערזען דאָס בילד, וואָס איז דאַן, אין יענער נאַכט געווען) א כוואַראָבע איז מיר, א נאפאסט אזא, פונחאנען האָט דאָס גאָט אָנגעשיקט אף זיי. די זאכן אין בלאָטע און דוווירקא און שליאָמקא און די קינדערלעך אלע שטייען אפן גאס צעשראָקענע, היילע... און פון אויבן א מאבל, ווי פון עמער וואָלט געגאָסן... אָ, באָזשינקא מאָי, טראכט איך מיר, וויפל צאָרעס דו שיקסט אָן אף מענטשן!...

שלוימע: אליעס און מאריא, קומט אהער טאנצן! (צעשטופט דעם אוילעם, פאר־קאשערט די ארבל) אנו־קא, מאריא... קלעזמער, שפילט! (קלעזמער שפילן א ווייס־רוסישן טאנץ, א פריילעכן און רייצנדיקן. שלוימע מיט מאריען טאנצן, אליעס טאנצט אונטער, שטייענדיק אף איין אָרט). אליעס, צום כאָסן קום! (זיי גייען צום ארויסגאנג. די עלטערע מעכוטאָנים גייען נאָך אים. די יוגנט ווערט לעבעדיקער, טוט זיך א שטעל אויס אינמיטן צימער.

א באָכער: א טאנץ, ווער גייט א קאדריל?

א מיידל: בעסער גיין א שער, און טאקע מיט פיגורן.

א צווייטע: א שער, דו קענסט מיסטאָמע ניט קיין קאדריל.

(אין טיר ווייזט זיך אפאנאס. ער איז פאָשעט געקליידעס. א סעקונדע שטייט ער אין טיר און באטראכט אלעמען צופרידן).

דער באדכן

ס'קאַצל קומט, ס'קאַצל קומט, ס'קאַצל...
דו טו א קוק, עס איז דאָך גאָר א קריסט,
זאָל זיין מיין טירכע גאָר אומזיסט?
זאכאדיטיע, זאכאדיטיע, זייט געגריסט.

אפאנאס: „א מאזל בראָך און א ביסל בראָנב־ אזוי, דוכט מיר, זאָגט מען בא אייך אף כאסענע?

גרונע: (טוט זיך א ריס פון אָרט) פאנאס... (ווערט רויט פון דעם צו אים־פעטדיקן ריס, האקט זיך אָפ, פארווישט די סליאדעס) וועלכע שיידים האָבן דיך אהער געבראכט און פונוואנען? (דער יונגער אוילעם רינגלט ארום אפאנאסן).

די יוגנט

— א גאסט! געקומען אזש פון שטאָט אהער?
— אָט דאָס באטייט א פריינט!
— וואָס מאכסטו, בראט? ווי גייען עפעס די געשעפטן?
— אף לאנג צו אונדז?

אפאנאס: (לעבעדיק, פאנאנדערשטופנדיק דעם אוילעם, וואָס האָט אים ארום־גערינגלט) אף לאנג, צי אף קורץ, אבי געקומען! (קוקט מיט כיטרע אויגן אף גרונען) און ניט אליין, איך האָב אייך א גאסט געבראכט — דער אלטער שליאָמיכע — א טרייסט אין הארצן, און דער מאמאשען אויך ניט ווייניק פרייד... (קוקט זיך אביסל ארום) דאָ איז בא אייך אפילע אביסל טומלדיק...

גרונע: (טוט אים א טרייסל פאר די פלייצעס) וואָס איז, ווער איז דער גאסט? פארוואָס איז פריילעכקייט ניט גוט?

אַ פּ אַ נ אַ ס: (טוט אַ טראַכט, לעבט אויף) און עפּשער איז טאַקע בעסער, אַז ס׳איז פריילעך. (מיט אַביסל אַ געהיימניספולן טאָן) אָבער שאַ־שטיל, ניט געזען און ניט געהערט... איין נאַכט וועט ער דאָ פאַרברענגען צווישן אייבעגע און פריינט, און נאָכדעם — היידאַ, ווי אויסגערונען. (נידעריקער די שטים) איך האָב אייך דאָווידן געבראַכט (באַ גרונען רייסט זיך אַרויס אַ געשריי פון האַרצן. די איבעריקע זיינען אויך צעשראָקן—פאַרוווּנדערט. אַפּאַנאַס שטילט זיי איין, כאַפּט גרונען פאַרן האַנט) אָן טומל, שאַ, ניט לויף—אַלציינס ווייסט איר ניט ווו ער איז. ער וועט אַליין קומען באַלד אַהער (גיט זיך מיטאַמאָל אַ ריס פון אָרט. פריילעך) געטאַנצט זאָל זיין, געטאַנצט. אַנדערש ווייז איך אייך דעם גאַסט ניט.

ג ר ו נ ע: (אונטערשפּרינגענדיק מיט פרייד ווי אַ קינד) אַ ברייגעז־טאַנץ, אַפּאַנאַס? שוין זייער לאַנג מיט דיר קיין ברייגעז־טאַנץ ניט געטאַנצט. קלעזמער, גיט אַ שפּיל, אַף גיך! (גייען אַ ברייגעז־טאַנץ. דאָס לידל זינגט ער און דער אוילעם, וואָס טאַנצן מיט). –

### אַ פּ אַ נ אַ ס

דו ביסט אַף מיר ברייגעז,
און כ׳ווייס גאָר ניט פאַרוואָס,
דו גייסט אַרום אַ גאַנצן טאָג
אַראָפּגעלאָזט די נאָז.

עפּשער ווילסטו דאָס,
און עפּשער ווילסטו יענץ?
איך וועל דיר געבןביידע זאַכן
און זאָל שוין זיין אַנ׳ענד.

און עפּשער גאָר אַ בייזע צונג
רעכילעס האָט גערעדט?
אַ לונג־און־לעבער אָנגעהאַנגען
אוןביידן אונדז צעשיידט?...

(ווענדעט זיך צום אוילעם)

איז זי מיט מיר ברייגעז,
ווייס איך ניט פאַרוואָס,
עפּשער וועט איר בעטן,
זי זאָל אויפהייבן דעם נאָז?

### כ אָ ר

עפּשער וויל זי דאָס,
און עפּשער וויל זי יענץ?
גיב זשע אָפּ איר ביידע זאַכן
און זאָל שוין זיין אַנ׳ענד,

פונ אוילעם (סאָלאָ)

גיב־זשע איר א טייגעלע
און עפשער גאָר א בראָש.

(צו איר)

נעמ־זשע, נעמ א בייגעלע,
נעמ־זשע, נעמ אָט דאָס.

(מע הייבט איר אָנצו שיטנ אינ פאָדל פארשיידענע בפייצים)

פונ אוילעמ (איינער צום אנדערנ)

שא, זי נעמט שוינ דאָס,
שא, זי נעמט שוינ יענצ.
זי נעמט דאָכ — זעסטו — אלע זאכנ
ס'וועט שוינ זײַנ אנ'ענד.

כאָר

פונ פויגל־מילכ, פונ פויגל־מילכ
זי האָט שוינ אינ איר פאָדל
פונ הימל אויכ דאָס טעלערל—
א קײַלעכדיקער פלאָדנ.

(אפנ שוועל ווײַזט זיכ שטילערהייט דאָוויד. ניט אלע באמערקנ אים, און די, וואָס באמערקנ אים יאָ, ווינקט ער, זיי זאָלנ שווײַגנ).

דאָוויד: (נאָכנ טאנצנ) אנ עכטער פאָלקס־טאנצ. בראוואָ, בראוואָ...

גרונע: דאָדיע! (פאלט אים אפנ האלדז, צעוויינט זיכ).

דאָוויד: (קושט זי הארציק) ניט וויינ, מײַנ קינד. מע דארפ ניט וויינענ. גענוג האָבנ הערצער געטרויערט. איצט דארפ פרייד אָנפילנ אונדזערע הערצער. געקרמענ, ענדלעכ, די שאָ, אפ וועלכער מיר האָבנ ביידע אזויפיל יאָרנ געווארט.

גרונע: פיל צײַט האָט זיכ דאָס הארצ באומרויִקט... געווארט, געוואָרט אי טענ, אי נעכט... עס גיסנ זיכ פונ פרייד איצט די טרערנ (טוליעט זיכ צו אים) ווי דו זעסט אויס, ווי אויסגעצערט, א שרעק!... פארוואָקסנ, ווי א דיעד (שמייכלט דורכ טרערנ).

דאָוויד: נישקאָשע, קינד, אבי איכ בינ מיט דיר. ניט אייביק וועט זײַנ דער כוישעכ אפ דער ערד. באלד, גאָר באלד, וועט נעמענ א סאָפ צו אלצ! (לייגט ארופ ביידע הענט אפ אירע אקסלענ) און דו ביסט פאר דער צײַט אויסגעוואָקסנ, שיינ ביסטו געוואָרנ. טיפער און הארציקער קוקנ דײַנע אויגנ, קינד.

גרונע: איכ האָב מוירע פאר אונדזערע. זיי זײַנענ גאָר ניט צוגעגרייט. ווער ווייס, ווי וועלנ זיי אריבערטראָגנ אזויפיל פרייד.

דאָוויד: (גריסנדיק זיכ מיט די איבעריקע) דאָס לאָז מיר. איכ וועל דאָס מאכנ גאָר גלאט. פונ צופיל פרייד קענ מענ נאָכ לעבנ, קיינער זאָל קיינעמ קיינ וואָרט

גיט זאָגן, זאָל גײן די כאַסענע, װי פריִער: טאַנצ, שפּרינגן, און איך װעל זײַן דאָ צװישן אײַך.

א באָכער: איז גוט. מיר גײען גלײַך א קאַדריל. פּאַנאַס, דו גײ צו ראָכקען.

אפּאַנאַס: און איך װיל בעסער נעמען גרונען. (מע צעשטעלט זיך פיר אין א ריי, דער באָכער פירט דעם קאַדריל, אונטערן מאָטיװ פון דער מוזיק, מע טאַנצט.)

א שטים: באַזעצנס, קלעזמער, די קאַלע באַזעצן!

(דער קאַדריל װערט צעשאָסן. אַלע שטעלן זיך אויס באַגעגענען די קאַלע. די קלעזמער שפּילן באַזעצנס. אַרױסטרעטונג פון באַדכן. װײַבער כליפּען אונטער. בא דער קאַלע פון בײדע זײַטן זעצן זיך די באָבעס).

די שװיכעטקע: װאָלט זי כאָטש א דעק־טוך אָנגעטאָן, די כצופּע. (קערט זיך אָפּ, טוט א שפּײַ).

דװירע: נו, קינדערלעך, פאַרװאָס־זשע טאַנצט איר ניט? בא אײַך איז טאַנצן אויך פאַרבאָטן?

מײדלעך:

— די באָבעס דאַרפן טאַנצן.

— אװאדע טאַנצן איצט דאַרפן די באָבעס.

דװירע: נו, בײלע, די קינדער בעטן אונדז טאַנצן. אז קינדער בעטן, דאַרף מען פאָלגן.

בײלע: א קאָזיק, דװירע, א, א קאָזיק?

דװירע: עס דינען שוין ניט מער די פיס. אין די מײדלשע יאָרן, אז איך פלעג גײן א קאָזיק, פלעגן די װענט מיט מיר טאַנצן... אזוי, א שטילן טאַנצ.

באדכן

שא-שא־שא! אָט גײט די באָבע דװירע,
זי איז װײַט פון אן אװירע
און לויכט, װי א מענורע,
אין מיטן העלן טאָג.
אנטקעגן קומט די באָבע בײלע,
די ייִדענע ביז גאָר א װױלע,
אײַ, א װאַזשנע קוילע.
גיט עמעס, זאָגט.
איז, קלעזמער, גיט עפּעס א שפּיל
מיט הארצ און מיט געפיל!

(עס װערט שטיל. אַלע צערוקן זיך. דאָס פידעלע טוט א שפּיל, זי צעזינגט זיך אפּן קאָל. גענומען פאַר די ברעגעס פון די קלײדער, טאַנצן די באָבעס אײנע אנט־קעגן די אנדערע א שטילן טאַנצ).

### בײלע

א יעסוימעלע, א יעסוימעלע, א יעסוימעלע איז לײקע,
אָנ טאטנ אונ אָנ מאמענ, א קלײַנלעכע יעסוימע,
עס פירט זי צו דער כופּע אלײנ, נעבעכ, די באָבע,
אז מיר זאָל זײַנ פאר איר, מײַנ טײַערע, מײַנ גוטע.

### דווירע

מײַנ דאָווידל, מײַנ דאָווידל, מײַנ דאָווידל, ווו ביסטו?..
דײַנע בײנדעלעכ, ווער ווײס, ווו וואלגערנ זיכ איצטער,
א גאָלדנ הארצ האָסטו געהאט, אנ אײדעלע נעשאָמע,
ניט אויסגעהאלטנ האָט עס די פּריצישע נעקאָמע.

(עס הערט זיכ א שטילער געווײנ... דווירע דעקט צו דעם פּאָנעם מיט בײדע הענט אונ, ווײנענדיק, גײט זי מיט וואקלדיקע טריט צו איר שטול. מירע נעמט זי אונטערנ האנט אונ פירט זי צו איר אָרט. פונ הינטנ גײט אונטער דאָוויד. ער נעמט זײ בײדנ ארום).

דאָוויד: צו וואָס זאָלט איר מיכ פאר דער צײַט באקלאָגנ? איכ לעב אונ בינ געזונט אונ קלײַב זיכ גאָרניט צו שטארבנ.

מירע: (פאלט אים אפנ האלדז) מײַנ זונ, פונוואנענ האָט דיכ גאָט אהער גע־בראכט?

דאָוויד: איכ בינ אלײנ געקומענ, דער וועג איז מיר באקאָנט (טוט זיכ פלינק א קער צו דער באָבענ) דו־לעבסט, מײַנ טײַערע באָבעשע! איכ האָב אזוי געבענקט נאָכ דיר אינ אלע יאָרנ פונ מײַנ וואנדערנ.

דווירע: קינד מײַנס! מײַנ טרײסט מײַנ ליכטיקס! טיפ אינ הארצנ האָב איכ שוינ לאנג נאָב דיר געריסנ קריִע.

אפאנאס: איר האָט אלצ געווײנט, געקלאָגט: „ניטאָ מײַנ דאָדיע", איז אָט האָב איכ אים אײַכ געבראכט.

דווירע: א דאנק, א גרויסנ דאנק, מײַנ פרײַנט.

מירע: גאָט זאָל דיר געבנ געזונט אונ לאנגע יאָרנ.

אפאנאס: איז לעבעדיק זאָל זײַנ אונ פרײלעכ! ביז טאָג וועלנ מיר טאנצנ אונ באנעצנ דאָס האלדז, וואָס זאָגסטו, דאָוויד?

(נעמט אים כאוועריש ארום. עס הערט זיכ א געשרײ: „דעם כאָסנ באגעגענע, דעם כאָסנ". דער אוילעם טוט א שפּאר דורכנ טיר. עס בלײַבנ דאָוויד, אפאנאס, ליא, גרונע. אפאנאס נעמט דאָווידס אונ ליאס הענט, פארײניקט זײ).

אפאנאס: ווער שוינ באקאנט מיט דער קאלע אויכ. אנ אונדזעריקע.

דאָוויד: זײַט איר דאָס באָרעכס „קאלע"?

ליא: קימאט געטראָפנ. אונ אײַכ קענ איכ פונ לאנג. אזויפיל וונדער האָט מיר באָרעכ וועגנ אײַכ דערצײלט אונ גרונע...

דאָוויד: און פֿאָרגעשטעלט האָט איר מיך — א העלד, א הויכער און א שלאַנקער!... כאַ־כאַ־כאַ...

ליא: (לאַכט אויך) ווי דען, כאַ־כאַ־כאַ, א ריטער! איר זײַט צו אונדז אַף לאַנג?

דאָוויד: איך פֿלי פֿאַרבײַ. עס האָט זיך בלויז געוואָלט א קוק טאָן אַף דער אַלטער נעסט...

ליא: פֿון ווײַסנ האָט זיך געבענקט נאָך דער שטילער רויִקײַט פֿון דאָרף, נאָך לידער דאָרפֿישע און פּראָסטע?

דאָוויד: נאָך לעבן האָט זיך געבענקט, נאָך דעם גרויסן שווונג פֿון דער באַוועגונג. עס איז שווער צו פֿאָרשטעלן זיך און נאָך שווערער צו באַגרײַפֿן — ביז מע לעבט אַליינ ניט איבער — וואָס הייסט קייטן. דאָס וואָרט אַליינ קלינגט מיט גרויל און עס הייבן פֿון אים אָן צו גליווערן די גלידער... נאָר דער, וואָס האָט זיי אמאָל אָנגעמאָסטן, דער וועט אייביק רײַסן זיך צו א פֿרײַען לעבן. באַזונדערס איצט, ווען דאָס לעבן ברויזט אַזוי, און מאַסן אינ די טויזנטער רײַסן זיך צום קאַמף אַזוי, אַז עס פֿלאַצן די שמאָלע און ענגע ווענט פֿון אונטערערד... אינ איצטיקער צײַט זיצן אינ קאַלטן סיביר און וואַרטן ביז עמעצ וועט דיך קומען באַפֿרײַען — דאָס איז אַ ארבעט פֿאַר אַ אייוועראָטל. (פּאַוזע. דריקט צו צו זיך גרונען, קוקט אַף איר האַרציק) נאָר מיר האָט נאָך באַזונדערס געצויגן אהער, צו יונגע יאָרן, וו אינ גרויסע לײַדן האָט אופֿגעוואַכט דער געוויסן, וו עס איז צום ערשטן מאָל קלאָר געוואָר: א וועג... און וו צאַרט האָט געפֿלאַטערט א האַרצ פֿון ליבע... אַזוינס טאָר מען קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן...

אפֿאַנאַס: געדענקסט! מיר ציט אויך גאַנצ אָפֿט צום וואָרצל. און אָפּרײַסן זיך פֿון וואָרצל טאָר מען ניט, אויב ער איז נאָר ניט ווערעמדיק...

דאָוויד: (טוט מיטאמאָל א טרייסל מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט אראָפּטרייסלען פֿון זיך א שווערן געפֿיל) אפֿאַנאַס, מיר דוכט, אַז מיר האָבן זיך שוינ „פֿאַרטיפֿט", ווי דו פֿלעגסט דאָס אָנרופֿן אמאָל. דערמאָן, אפֿאַנאַס, די צײַטן פֿון סיביר, ווען דײַן הארמאָן און דײַנע טענצ פֿלעגן צעטרײַבן דעם אומעט.

אפֿאַנאַס: אָט באַלד, דו הערסט, ווי עס רײַסן זיך די קלעזמער. מיר וועלן טאַנצן הײַנט ביז טאָג און קערן וועלטן.

(עס דערנענטערט זיך די מוזיק. מע פֿירט דעם כאָסן. באַלד לאָזט זיך ארײַן דער באַנצער אוילעם. גרונע כאַפּט שלוימען פֿאַרן ארבל, ווײַזט אים אַף דאָווידן).

גרונע: אָט איז ער, אָ, איר זעט, אָט איז דאָך ראָדיק!

שלוימע: (קוקט א סעקונדע, מיטאמאָל טוט ער א געשריי) דאָדיע!... (צעקושט זיך. דער אוילעם טוט א ציטער. עס לויפֿן צו כאַיִם און באָרעך. קושן זיך. שלוימע גיט דאָווידן א פּאַטש איבער דער פּלייצע).

שלוימע: אָט דאָס קען דאָדיק, אָנקומען אקוראַט צו דער כופּע, ווי עמיצער וואָלט נאָך אים א „נאַראָטשנעם" געשיקט! (טוט אים א פּאַטש איבערן פּלייצע) באַפֿרײַט? אַנטלאָפֿן, אַ? דו היט זיך איצט, דו זע, ניט בלײַב קיינ נאַר! (גיט מיטאמאָל א טופּע מיט דער פֿוס) רעב יויעל, קומט אהער, וו זײַט איר? אָט פֿון וועמען מען דאַרף זיך לערנען ווערן קליגער! קלעזמאָרים, צוויי מאָל שפּילט, אַף צוויי כאַסענעס מיטאמאָל וועלן מיר הײַנט טאַנצן. גרונקע, וואַרף אראָפּ די צעפּ און קלײַב

זיך אויס אן אָרט מיט דאַדיען אונטער דער כופע, און טאָמער ווילסטו דאַווקע מיט די צעפּ, איז ווי דו ווילסט זיך, מיך וועט מען פאר אײַך ניט שמײַסן.

(מיטאמאָל קײַקלט זיך אַרײַן א „בער“. דער באַדכן האָט אָנגעטאָן אן איבערגעקערטן פעלץ און איז אוועק א טאנץ. פריילעכע און רייצנדיקע מוזיק. דאָוויד גיט א שפרונג איבערן טיש און לאָזט זיך אנטקעגן דעם „בער“ אין פריילעכן טאנץ. אפאנאס, אף אים קוקנדיק, הויבט אויך אָן טאנצן. און באלד איינער נאָך איינעם ציט זיך אַרײַן אין טאנץ דער גאנצער עולם. דער באַדכן זשאָנגלירט, קוליעט זיך. דער עולם איז לעבעדיק און פריילעך. שלוימע טופּעט צו מיט דער פוס אין טאקט פון טאנצן און שרײַט אונטער).

שלוימע: אָט אזוי אָ, געטאנצט זאָל זײַן און פריילעך זאָל אונדז זײַן אפן הארצן. זאָל פּלאצן דער פּאָרעץ. אף צעפּיקעניש דער גאנצער וועלט וועלן מיר הײַנט פּראַווען צוויי כאסענעס מיטאמאָל!

אפאנאס: אנוקא, דאַדיק, זינג אָט פון יענע, אָט פון די נײַע, וואָס דאָס דאָרף האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

(עס טיילט זיך אויס א גרופּע פון דער יוגנט. מע זינגט מיט געפיל, מיט באַגײַסטערונג „און דו אקערסט און דו זייסט“. באלד רײַסן זיך אַרײַן אין דער מוזיק גלעקלעך פון אן אָנקומענדיקער פור. דער קלאנג פון די גלעקלעך ווערט אלץ שטארקער, ביז זיי הויבן אָן פארטויבן דעם געזאנג. באלד הערט זיך א בייזער „טפּרו“, די מוזיק האקט אָפּ. דער עולם ווערט אומרויִק).

כאים: מע פאָרט, פּאָליציע, דוכט מיר, פאָרט, שא־שטיל, איך האָב מוירע, צי פאָרט עס ניט דער פּריסטאַוו. דוסט עפּשער געדארפט ניט ווערן, א, דאָוויד?

אפאנאס: דאָס הארץ האָט מיר אָבער געזאָגט: מע דארף ניט, דאָוויד, מע דארף זיך דאָ איצט ניט אָפּשטעלן: די מענטשס דערשמעקן באלד אכאסענע.

שלוימע: (מיטאמאָל ווערט ער אינגאנצן אויסגעניכטערט. ער טוט א שניט איינעם אוילעם און ווערט באלד בא דאָווידן) וואָס איז, וואָס האָט געשען, קינדער. הא? דער פּריסטאַוו גאָר? ניט ווער, אנטלויף, ניט גיב זיך זיי אין די הענט.

דאָוויד: זײַט רויִק, ייִדע, און איר אלע זײַט אויך רויִק. ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען אין אזעלכע פאלן צו ראַטעווען אי זיך, אי אנדערע. נאָר אָן טומל און אָן פּאכעד. גיי, פאנאס, טו א קוק, ווער איז דאָרטן, און אויב עס איז טאקע דער פּריסטאַוו, צי איז ער אליין. (צו די איבעריקע) געדענקט: איך בין ניט איך. א פעטער פון קאַלעס צאַד, פון ווײַט געקומען.

גרונע: כ'האָב מוירע, דאָוויד, האָב ראַכמאָנעס. עס קריכט אף אונדז א נײַער אומגליק, אנטלויף, און איך וועל לויפן מיט דיר.

שלוימע: גערעכט. אף זייער יושער טאָר מען זיך ניט פארלאָזן.

דאָוויד: (צו גרונען, וואָס האָט זיך צעוויינט) איך בעט דיך, גרונע, זײַ רויִק.

אפאנאס: (פליט אַרײַן) דער סטאַנאַוואָי, און איינער אליין.

דאָוויד: אויב ער איז איינער אליין דאָ, איז אָן סאקאָנעס: מירן זען, וואָס ער וויל. מע טאָר זיי ניט לאָזן אף דעם סטאַנאַוואָיס בּאַראָט.

מירע: (לויפט צו צו כאַימען, וואָס שטייט א פארלאָרענער) א קלאָג צו מיר, וואָס וועט דאָס זײַן מיט אונדז!

דאָוויד: צעגייט זיך פלינק, ניט רינגלט מיך ארום.

(א צערודערונג. באלד ניט זיך האסטיק אנ עפנ די טיר און אפנ שוועל באַווייַזט זיך די פאָליציייִשע פיגור פונ סטאנאוואָי. א וויַילע איז שטיל. כאַיִם באַגעגנט אים מיט האכנאָע. מירע שטייט הינטער אים. זיי נייִגנ זיך ביידע).

כאַיִם: אזא טייַערער גאסט און גראָד צו כאסענע געטראָפנ. קומט אריַינ, וואָס שטייט איר בא דער טיר?

(דער אוילעם צערוקט זיך. דער סטאנאוואָי גייט צום אויבנאָנ. מירע טראָגט אונטער א גראפינ בראנפנ מיט קיבעד. דער סטאנאוואָי גיסט זיך אָנ א גלאָז בראנפנ).

סטאנאוואָי: איז הייַנט כאסענע בא מאָשקענ?

כאיִם: דעם כאָסנ רופט מענ באָרעכ.

סטאנאוואָי: אלצייִנס, אלע ייִדנ זייַנענ מאָשקעס.

אפאנאס: (שטיל צו דאָווידנ) וואָס זאָגסטו, ווי זויבער עס איז זייַנ שפראכ? איכ וואָלט אים אזוי א הובל טאָנ די מאָרדע, אז די ציינער זייַנע וואָלטנ איינציקווייַז געפלויגנ פונ זייַנ מיסטקאסטנ.

דאָוויד: אביסל רויִקער, מייַנ פרייַנט. די שפראכ איז פאר אים א גאנצ נאַטירלעכע. מע דארפ א ווייַלינקע צוווארטנ.

סטאנאוואָי: (שוינ האלב שיקערלעכ) א שיינע קאלע בא דייַנ מאָשקענ?

כאיִם: נישקאָשע, אים איז זי געפעלנ.

סטאנאוואָי: (שוינ שטארק שיקער) וואָס שטייט איר אלע, ווי די גוילעמס? א טענצל גייט! פארקאטשעט די פאָלעס, פארהויבט די פיסלעכ אַייַערע, און טאנצט אזוי, אז די יארמלקעס זאָלנ שפרינגענ אינ דער לופטנ. עס זאָל מיר פריילעכ זייַנ!

שלוימע: (צו זייַנעם א שאָכנ) אזוי האָט אינ יענער נאכט געהייסנ דער פאָרעצ. דער פאָרעצ און זייַנ הונט — א גלייַכע פאָר... וועט מענ שוינ אמאָל פּאָטער ווערנ פונ זיי?...

באָרעכ: (צו ליאנ, וואָס שטייט א בלאסע) וואָס איז דיר, ליא, וואָס האָסטו זיכ אזוי דערשראָקנ? ווי בלאס דו ביסט.

ליא: (טוט א קוק אפ אים און פארדעקט דעם פּאָנעם מיט ביידע הענט) עס הייבט זיכ אָנ... דעם אומגליק וועל איכ, אפּאָנעם, ניט אויסמייַדנ.

אפאנאס: איכ קענ ניט מער, עס פלאצט מיר די געדולד. ער איז דאָ איינער אליינ — צוויי גוטע פעטש און ער ליגט מיר דאָ מיט פאריסענע פלעקער.

דאָוויד: דעם עמעס גערעדט, פלאצט בא מיר שוינ אויכ די געדולד און דאָכ — מע דארפ ניט. מע קאָנ אָנשלעפנ אנ אומגליק אפ דעם גאנצנ דאָרפ. פארגעס ניט, ווער דו ביסט.

סטאנאוואָי: (טוט א שיקערער א שפאנ אפנ אוילעם) וואָס טאנצט איר ניט? איכ הייס! איכ האָב פאר אייַכ א באפעל פונ גובערנאטאָר... וועט איר מיר געבנ א קוש טאָנ דער קאלע, וועל איכ אייַכ וויַיזנ דעם באפעל.

(די ייִנגערע ארום דער קאלע קוקנ זיכ ביַיז איבער און הויבנ אָנ אומרויִק צו מורמלענ. די עלטערע זייַנענ נידערשלאָגנ, שטייענ מיט ראכמאָנעס-אראָפּגעלאָזטע אויגנ. שלוימע שטייט באם ברעג טיש מיט פארקוועטשטע ליפנ און קוקט ביַיז אפ דעם סטאנאוואָי. דאָוויד טוט שטרענג א קוק אפ אפאנאסנ, וואָס גרייט פויסטנ).

דאָוויד: ניט וואג, אָן הענט! אָבער שווײַגן טאָר מען אויך ניט מער.

סטאַנאַוואָי: נו, איר גיט מיר א קוש טאָן די קאַלע?

דאָוויד: אזוי, ניט מער, ווי א קוש טאָן די קאַלע... א באַשײדענער פאַרלאַנג. איז וואָס זשע שטייט איר אַלע, ווי געפּלעפט? צעוואַרפט די שטאַנגען פון דער כופּע — דער סטאַנאַוואָי האָט געבראַכט א באַפעל, אז אים קומט די ערשטע נאַכט.

כאַיִם: האָב ראַכמאָנעס אַף אונדז, זון מײַנער...

מירע: וויי איז מיר... ווי ווערט מען פאָטער פונעם גאָלעס.

דאָוויד: וואָס ציטערט איר? הערט אוף צו פלאַטערן פאַר אים. וואָס קען ער אײַך נאָך ערגער טאָן, ווי שענדן אײַער קינד? (גיט א שאַרפן קער צו ליאַן) עי, קאַלע — טאַנצ אַרויס אַהער, פאַר אים, דעם שלייף דעם ווײַסן וואַרף צו זײַנע פיס — אזוי האָט באַפוילן דער גובערנאַטאָר.

סטאַנאַוואָי: ווער שרײַט דאָס דאָרט אזוי?... (גיט מיטאַמאָל א שיקערן קוויטש) ווער האָט אײַך געגעבן רעכט צו ריידן קעגן מיר? פונוואַנען האָסטו זיך אַהער גענומען?... דעם פאַס אַהער, אַלע לייגט אַרויס די פּעסער אַפן טיש! איך וועל אײַך ווײַזן!...

דאָווויד: אָן טומל! נאָר ניט שרעקט זיך. ער איז דאָ איינער אַליין. אָט באַלד שיקן מיר אים צוריק אין שטאָט א שיקערן.

סטאַנאַוואָי: די פּעסער אַלע לייגט אַרויס. דער קאַלעס פאַס אַהער! זי שווײַגט, זי מוז, אַפּאָנעם, זײַן פון דער קראַמאָלע.

באָרעך: (צו ליאַן) דו האָסט דעם פאַס? דו האָסט אים פאַרגעסן צו נעמען? וואָס שווײַגסטו, ליאַ?

(ליאַ טוט מיטאַמאָל א פעסטן טראָט צום סטאַנאַוואָי, נעמט אַרויס פון ווײַערהענטל איר פאַס, האַלט אים פאַרקוועטשט אין האַנט).

דאָוויד: צו וואָס, צו וואָס זאָלט איר אזוי האַכנאָעדיק זיך אונטערגעבן.

אַפאַנאַס: ער ט'ליגן באַלד בא מיר אין שטאַל.

כאַיִם: ניין-ניין, מע טאָר ניט! מיר הענגען אַלע אַף א האָר... האָט ראַכמאָנעס אַף אונדז.

(ליאַ טוט זיך האַסטיק א קער צום סטאַנאַוואָי און דערלאַנגט אים איר פאַס. זי בלײַבט שטיין ווי פאַרגליווערט. דער סטאַנאַוואָי מאַכט עטלעכע שיקערע טריט צום לאָמפּ, וויקלט פאַנאַנדער דעם פאַס, צעלאַכט זיך פרעך).

סטאַנאַוואָי: כאַ-כאַ-כאַ-כאַ! א פײַנע קאַלע, ניט גערעדט!

באָרעך: ווי וואַגט איר כייזיקן פון אונדז!

סטאַנאַוואָי: כי-כי... ער שלעפּט נאָך זיך א פּראָסטיטוטקע...

(ליאַ טוט א ציטער, גלײַכט זיך אָבער באַלד אויס. די יונגט ווערט זייער אומרויִק. דער גאַנצער עולעם קוקט זיך מעחולוחל איבער. כאַיִם און מירע פאַרברעכן די הענט. דאָוויד און אַפאַנאַס קוקן זיך איבער).

באָרעך: א, וואָס!! איר קענט אפילע זײַן אַליין דער גובערנאַטאָר, וועל איך אײַך ניט דערלויבן מײַן קאַלע צו באַשמוצן.

דאָוויד: (א קריץ מיט די ציין). זעט, ווי ער האָט זיך צעגאַרטלט, דער סאַטטראַפּ (גיט א האַסטיקן טראָט צום סטאַנאַוואָי) ווער האָט אײַך געגעבן דאָס רעכט,

צי בושעווען דאָ, בא אונדז אין שטוב! שיקערן זײַט איר אהער געקומען? אין שטאָט צוריק.

אפאנאס: נאָר אָן עפּאָלעטן וועט ער פאָרן אין שטאָט. רײַסט אים אראָפּ די עפּאָלעטן!

(ס'ווערט א גוואלדיקער טומל, אפאנאס גיט זיך א לאָז צום סטאנאוואָי, וויל זיך כאפּן פאר די עפּאָלעטן, דער סטאנאוואָי שפּרינגט ארופ אפּ א שטול, פאָכעט אין דער לופטן מיט ליאס פאס).

סטאנאוואָי: איר זעט, די קאלע האָט א געלן פאס!

(א צעשראָקענע, א מעוולוועלע פּאוזע. באָרעכ טוט א ציטער און קוקט צעשראָקן אפּ ליאַן. איינ סעקונדע איז שטיל).

באדכן: איז, הייסט עס, די בראָכע לעוואטאָלע!

קלעזמער: ס'איז אָן א בראָכע אויכ צו מיצווע.

ליא: (גלײַכט זיך אויס, לייגט ארופ איר האנט אפּ באָרעכס פּלייצע) בארוִיק זיך, מײַן פרײַנט. עס האָט קיין שום זאכ ניט פּאסירט. דער גורל פון א יִידישער פרוי איז אינעם לאנד פונ צאר באשאָנקען מיט א באזונדער „גליק“. זי קען באקו-מען א געלן פאס, זײַן העפקער בא יעדן איינציקן אין גאס, צעטראָטן ווערן פון יעדן שיקערן אקלאָדאָטשניק און באָראָדאָוואָי, אָבער דערפאר „פּראוועס“ האָבנ אומעטום... אָט דאָס איז גאָר. בארוִיק זיך, מײַן פרײַנט. עס האָט קיין שום שלעכטס, כאָלילע, ניט געטראָפן...

(צעוויינט זיך. באָרעכ טוט א טראָט צו איר, נעמט זי הארציק ארום. זי צעוויינט זיך נאָכ שטארקער בא אים אפּן פּלייצע).

סטאנאוואָי: און איצט — הערט דעם גובערנאטאָרס באפעל — אין פיר־און־צוואנציק שאָ זאָל אײַער סליאד אין דאָרף ניט זײַן, איר האָט ניט קיין „פּראוואָ־זשיטעלסטווע“...

שלוימע: שוין ווידער זוכנ נײַע ערטער, נעמ די טאָרבע אפּ די פּלייצעס, שלוימע, א שטעקן אין דער האנט און גיי איבער דער וועלט... עפּשער וועט ווער עס איז ארײַנוואָרפנ א נעדאָווע אין דער אויסגעשטרעקטער האנט.

סטאנאוואָי: (ווי ער וואָלט זיך נאָר־וואָס דערמאָנט) נאָר די קאלע קען דאָ בלײַבן, זי האָט פּראוואָזשיטעלסטווע, זי איז א פּראָסטיטוטקע.

(טוט זיך א לאָז פון שטול צו איר, צעשטופּט דעם אוילעם. דוווירע טוט זיך מיטאמאָל א הויב פונ אָרט, טוט א ברייטנ טראָט און ווערט צווישנ ליאַן און דעם סטאנאוואָי. באלד טוט זי כלינק א הויב די האנט, ווי זי וואָלט זיך פארמאָסטן געבנ אים א פּאטש. אינמיטנ שווונג שטעלט זי זיך אָפּ, נאָר באלד טוט זי זיך א וואקל און פאלט א טויטע. דער אוילעם גיט איינ טראָט צוריק און טוט א קרעכצ. דאָוויד פאלט צו איר צו).

דאָוויד: באָבע!...

שלוימע: (מאכט איינ טראָט צו איר. א שוידערלעכע פּאוזע. ער טוט א ריס די לאצנ פונ סורדוט) א קאָרבנ דארפסטו, גאָט, — נא א קאָרבנ!

פאָרהאנג

ז. װענדראָף

# פּאָליעס קאַפּיטאַל

(דערציילונג)

I

— אָט פּאָלג מיך, פּאָליע, גיי אריבער צו מענדלען.

פּאָליע קאזשדאַן איז געװען אין אזא לאַגע, װען א מענטש איז גרייט אפילע פון אן אייגענער װײַב אן אייצע אויסהערן.

— װאָס װעל איך טאָן בײַ דײַן מענדלען, װאָס? ער׳ט מיר געבן אפּ דער הויצאָע, װעט ער מיר געבן, מענדל דײַנער?

מיט איר װײַבערשן כוש האָט נעכע גלײַך דערשפּירט, אז דאָסמאָל איז מענדל גרייט אָנצונעמען איר אייצע, ניט מער, דער מאַנצבילשער האָנאָר זײַנער דערלויבט אים ניט גלײַך נאָכגעבן.

— װאָס ארט דיך, גיי זיך אדורך. א מענטש פירט געשעפטן אפּ מילע־מיליאָסן, עפּשער װעסטו ארום אים קאָנען עפּעס פאַרדינען, צי, עפּשער, װעט ער דיר אויסלײַען אביסל געלט, דו זאָלסט קאָנען איבערשטופּן די שלעכטע צײַט, ביז דו װעסט אָנקומען אפּ עפּעס א שטעלע. פּאָרט א קאָרעװ!

— א קאָרעװ! אסאך האָסטו פון דעם קאָרעװ דײַנעם. װען די באָלשעװיקעס האָבן אים געמאכט אױם גװיר, פלעגט ער זיך נאָך װען ניט איז װײַזן אפּ די אויגן, נאָר זינט ער איז צוריק ארײַן אין די פעדערן, זעט מען אים מער אין די אויגן ניט אָן.

— אז מיר גייען צו אים ניט — האָט נעכע פאַרענטפערט דעם קאָרעװ אירן.— אזא גװיר, װילסטו ער זאָל צו דיר קומען דער ערשטער?

— א גװיר איז איצט א קנאַפּער ייִכעס. ס׳האָט אים, כ׳לעבן, געמעגט אָנשטײַב ארײַנצוקומען צו מיר.

די לעצטע װערטער האָט שוין פּאָליע געזאָגט בלויז פון יויצע װעגן. געטאָג האָט ער װי דאָס װײַב האָט גערעטן.

פּאָליע קאזשדאַן האָט געטראָפן מענדל קראַסנאָפּיורקאָ פאַרטיפט איבער זײַן באַרימט „שװאַרץ ביכעלע״ — א געװיינלעכס, אין שװאַרצע צעראַטע געבונדן העפטל,

אינ וועלכער ער האָט, אפּ א פאַרשטעלטנ אויפנ, געפירט די גאנצע בוכהאלטעריע פונ אלע זײַנע טרייפע געשעפטנ.

קראַסנאָפּיורקאָ האָט געשוויצט איבער דעם באלאנס פונ זײַנע רעוואָכים פארנ לעצטנ כוידעש אונ האָט אלצ ניט געקאָנט פארטיק ווערנ מיט אים.

דער כעזשבנ איז געווענ א קאָמפּליצירטער, א פארפּלאָנטערטער. אינ קראַסנאָ־פּיורקעס אָפּעראציעס אונ שפּעקולאציעס זײַנעג געווענ אינ פארקער אמעריקאנער דאָלארנ, ענגלישע פונטנ, שוועדישע קראָנענ, דײַטשע מארקנ, פראנצויזישע אונ שווײַצארישע פראנקנ, צארישע גאָלדענע צענערלעכ אונ פינפערלעכ, סאָוועטישע מיליאָנענ אונ מיליארדנ. די אלע וואליוטעס האָבנ אינ דער קראַסנאָפּיורקאָ־וועלט געהאט זייערע פּסעוודאָנימענ: לאָקשנ, קנעפּלעכ, געוויכטלעכ, קרוינדלעכ, יעקעס, לימאָנענ אונ לימארדנ. דער קורס זייערער האָט זיכ געביטנ ניט פונ טאָג צו טאָג, נאָר פונ שאָ צו שאָ, הײַנט גיי ווייס ווו דו האלסט אינ דער וועלט!

— ... אכט הונדערט פערציק לאָקשנ אונ הונדערט אכציק ענגלישע געוויכטלעכ... א, פּאָליע, זיצ... צוועלפ הונדערט שווייצער־קעזלעכ צו איינ־אונ־צוואנציק קעזלעכ פאר א לאָקש... וואָסטו עפּעס זאָגנ בוטס, פּאָליע?... צווי טויזנט יעקעס... דער שווארצ יאָר ווייס ווי צו רעכענענ זיי... ביטער זאָגסטו?... יאָ, דער קורס זייע־רער פאלט פונ טאָג צו טאָג...

דער צײַג־פינגער פונ זײַנ רעכטער האנט האָט זיכ שנעל באוועגט איבער די ציפער פונעם שווארצנ ביכל אונ דער צײַג־פינגער פונ דער לינקער האנט האָט מיט מאָדנער שנעלקײַט בלינדערהייט געוואָרפנ די ביינדלעכ אפּ די שטשאָטעס.

— ...פונ קאראסיקנ הונדערט זיבעציק קנעפּלעכ אונ זעכציק לימארדנ לויטנ קורס פונ טאָג... דיר, זאָגסטו, איז ביטער?... דארפנ וואָס גיכער אָפּראמענ דעם פײַגער... גיטאָ ווו א קאָפּיקע צו פארדינענ, זאָגסטו?... פארדרולט קאָנ מענ ווערנ פונ די איצטיקע וואליוטעס מיט די איצטיקע קורסנ... וואָס פאר א שײַכעס האָסטו מיט דער גראזשדאנסקער מילכאָמע?... מער קײַנ מארקנ קויפ איכ ניט... אדעראבע, ווײַל גראזשדאנסקע, ווײַל א פארדרייעניש, פארדינ איכ געלט...

— אז איר וואָלט א ווײַלעצקע אוועקגעלייגט די שטשאָטעס, וואָלט איר עפּשער געהערט וואָס איכ רייד — האָט פּאָליע, ניט דרייסט, דערוועגט זיכ פאָרצושלאָגנ.

מיט איינ פינגער אפּ דער לעצטער שורע פונעם שווארצנ ביכל אונ מיטנ צווייטנ פינגער אפּ די שטשאָטעס, האָט מענדל אופגעהויבנ אפּ פּאָליענ זײַנע אויגנ, — צעטראָגענע אונ אומרויִקע אויגנ פונ א מענטשנ, וואָס פירט ריזיקאלישע געשעפטנ,— אונ א זאָג געטאָנ:

— נו, רייד, איכ הער דיכ...

אויסגעהערט פּאָליענ, האָט קראַסנאָפּיורקאָ קיינ געלט אים ניט געגעבנ, קיינ שארפע אייצעס אויכ ניט, נאָר מוסער האָט ער אים געזאָגט:

— מענ דארפ דאָכ טאקע זײַנ דער גרעסטער שלימאזל, מענ זאָל הײַנטיקע צײַטנ ניט קענענ פארדינענ די פופציק, צי די הונדערט לימענעס אפּנ טאָג הויצאָע!

ווער רעדט ביכלאל הײַנטיקע צײַטנ פונ פארדינענ אפּנ טאָג כאיונע. איצט גייט עס וועגנ מ א כ נ געלט, גראָב געלט! וויאזוי מענ מאכט געלט? זאָל ער קיינ מעלאמעד ניט זײַנ אונ קיינ נארישע קאשעס ניט פרעגנ. אינ שטוב ברענגט

קײנער קײנ געלט ניט אַרײַנ. מענ דאַרפ נאָר האָבנ אַ קאָפּ אפ די פּלײצעס — דער איקער אַ קאָפּ — אונ ניט שלאָפנ — דער איקער ניט שלאָפנ — וועט זײַנ געלט.

קאַושדאַנ האָט אויסגעהערט אונ געשוויגנ. וואָס וועט ער ריידנ? דער גוויר איז דאָכ ניט ער, פּאָליע קאַושדאַנ, נאָר דער ווײַבס שוועסטערקינד, מענדל קראַסנאָ־פּיורקאָ, אונ, אז אַ גוויר זאָל זיכ ניט קאָנענ פאַרגינענ זאָגנ אַנ אָרעמאַנ מוסער, וואָס וועט דעמאָלט ווערט זײַנ די גאַנצע אשירעס זײַנע? ביפראַט, אז פּאָליע זעט, אז דער רײַכער קאָרעוו איז דאָ אויסנ ניט אַזויפיל אים מוסערנ, ווי זיכ לויבנ, פאַרגינט ער אים דאָס פאַרגעניגנ.

— אָט נעמ מיכ — שטעלט זיכ קראַסנאָפּיורקאָ אַרויס ווי אַ מוסטער פאַר פּאָ־ליענ, — מיט וואָסערע צוויי־דרײַ יאָר צוריק זײַנענ מיר ביידע געווענ גלײַכע גווי־רימ — זיי האָבנ דאָכ מיכ פונ העמד אויסגעטאָנ, די כאַזיירימ! — אונ איצט — פאַרמאָג איכ עפּשער מער, וויפל זיי האָבנ בא מיר צוגענומענ, אונ ווייסט פאַר־וואָס? ווײַל איכ האָב אַ קאָפּ אפ די אַקסלענ, ווײַל איכ שלאָפ ניט!

פּאָליע פאַרשטייט ניט. ער אַליינ שלאָפט ניט קײנ נעכט, קלערנדיק ווי נעמט מענ אפּנ טאָג הויצאָע, אונ זאָל עס אים אַרײַנברענגענ כאָטש איינ גילדנ פּאַרנאָ־סע! אָבער ער איז דאָכ געקומענ צומ רײַכנ קאָרעוו ניט וויקוכימ פירנ, נאָר הילפ בעטנ, לאָזט ער זיכ מיט אים אינ קײנ טײַנעס ניט אַרײַנ.

קראַסנאָפּיורקאָ רעדט שוינ פאַר ביידנ.

גלויבט אים, אז ווענ ער וואָלט נאָר געוואָלט, וואָלט ער שוינ געקאָנט זיצנ די הענט צונויפגעלייגט: דער קאַפּיטאַל זײַנער וואָלט שוינ געאַרבעט אפ אים. אָבער ניט ער! אז ער קאָנ בעטעווע ליידיק ניט זיצנ, אז סע הויבט אים. איר פאַרשטייט, צי ניינ? פאַרלײַט ער געלט אפ פּראָצענט, האָט ער צו טאָנ מיט וואַליוטע, האַנדלט ער מיט יענער־זײַטיקע סכוירעס,—אַבי נאָר סע שמעקט מיט אַ קערבל פּאַרנאָסע, זאָגט ער זיכ פונ קײנ זאַכ ניט אָפּ, ער שלאָפט ניט!

בײַשער ער האָט מוירע פאַר די עפּירעטיעס: — גערירט זיכ אינ וועג אַרײַנ איז קימאַט אַ זיכערער טיפוס. — אָבער ווענ ניט דאָס, וואָלט ער געזעסנ אַז אַנ אָרט? — ניט ער! ער וואָלט אַ וועלט אײַנגעריסנ, ער וואָלט געפאָרנ קײַנ מאָסקווע, קײַנ פּעטראָגראַד, קײַנ אָדעס...

— נעמ אָדעס — איז מענדל אַרײַנ אינ ברענ, — פונ אָדעס אַליינ קאָנ מענ דאָכ אַרויספירנ טונענ גאָלד! מיט פּראָדוקטנ האַלט עס דאָרטנ שמאָל. פאַר איינ פודל מעל קאָנ מענ דאָרטנ צונעמענ אַ שפּיגל־שראַנק, אַ פּיאַנע... די בעסטע מעבל, די טײַערסטע טעפּיכער, די שענסטע בילדער קאָנ מענ דאָרטנ אָפּקויפנ פאַר אַ שי־בעש... הײַנט שטעל זיכ פאָר, פּאָליע, אז דו פירסט אַהינ אַ טראַנספּאָרט פּראָדוקטנ אונ שינדסט אַ פעס — האָסטו דיר נומער איינס; דאָרטנ קויפסטו אומ, האַלב אומ־זיסט, מעבל, טעפּיכער, בילדער, ניי־מאַשינענ, וועלאָסיפּעדנ, פאַרפאָר, גאָבעלענעס אונ פירסט עס קײַנ מאָסקווע — אינ מאָסקווע זײַנענ, נישקאָשע, פאַראַנ געגנוג נײַע גווירימ, באַלאָנים אפ גוטע זאַכנ—אונ פאַרקויפסט עס פאַר גוט געלט. האָסטו דיר נומער צוויי. פאַרנ אָפּגעלייזטנ געלט קויפסטו אומ לאָקשנ, קנעפּלעכ אונ שטיינדלעכ, האָסטו דיר נומער דרײַ. דאָ, אינ מינסק, פאַרקויפסטו די מאָסקווער שאַלאַמיינז אפ וואַרשע אונ קויפסט אײַנ מעל, זאַלצ אונ שעאָר יעראָקעס אונ פירסט

עס קײַנ אָדעס, האָסטו דיר נומער פיר... אזוי גײט עס א ראָד מינסק—אָדעס—מאָסקווע—מינסק... עטלעכע אזעלכע גלונגענע נעסיִעס — אונ דו קענסט זיכ אריבערקלײַבנ אפ יענער זײַט א באזאָרגטער אפּגאנצנ לעבנ פאר זיכ אונ קינדס־קינדער.

קראסנאָפּיורקאָס אויגנ האָבנ געפלאקערט, ווי ער וואָלט שוינ פאָר זיכ געזענ די „טונענ גאָלד” אונ זיכ אלײנ „אפ יענעמ זײַט” א באזאָרגטנ ביז קינדס־קינדער...

פאָליענ איז געוואָרנ אביסל אומהײמלעכ.

— אביסל פריקרע... מענטשנ הונגערנ אונ, אונ...

— שלימאזל! — איז קראסנאָפּיורקאָ ניט אפ א געלעכטער אינ קאַס געוואָרנ, — וואָס איז דער כידעש וואָס דו ווערסט געשוואָלנ פונ הונגער? אזא מעלאמעד! זײ וועלנ עסנ דאַרטנ זײערע פיאנעס מיט זײערע בעבל? אונ אז דו ווערסט עס בא זײ ניט צונעמענ, וועט אנ אנדערער ניט צונעמענ? אזעלכע שוטים בענ לאָקס, ווי דו, זײַנענ קײנ סאכ ניט פאראנ. אָבער וואָס איז די פולע — די עפּידעמיעס... אכ, וועג ניט דער פארשאָלטענער טיפוס!...

קראסנאָפּיורקאָ האָט טיפ אָפּגעזיפצט אונ פארטראכט זיכ.

וועגנ וואָס אזא מענטש, ווי מענדל קראסנאָפּיורקאָ קאָנ טראכטנ איז שווער צו זאָגנ. עס קאָנ זײַנ, אז ער האָט געטראכט וויִאזוי מאכט מענ א רעוואָליוציע אפ דער שוואַרצער בירזשע אונ אראָפּרײַסנ א גראָבע מאטבײע אפנ כילעק אינ קורס; עס קאָנ אויכ געמאָלט זײַנ, אז ער האָט געטראכט וועגנ דער כעוורע ארעסטירטע קאָנטראבאנדיסטנ, בא וועלכע ער שטעקט מיט א היפשנ פארמעגנ, צי וועגנ דעמ „פײגער”, וואָס מענ דארפ וואָס גיכער אָפּראמענ פונ שטוב. אונ, עפשער, האָט ער זיכ גאָר פארטראכט איבער דער ניט־פולקאָמער וועלט־אָרדענונג, ווענ א קלײנטשינקע, גרויינקע, רויטבײַכלדיקע, זעקספּיסיקע באשעפעניש, וואָס פארקלײַבט זיכ הינטערנ זוים פונ העמד, קאָנ א גרויסנ אונ שטארקנ מענטשנ — דער קרוינ פונ אלע באשעפענישנ! — שטעלנ זיכ אפ זײַנ וועג צו באזאָרגנ זיכ אונ קינדס־קינדער! — ווער קאָנ אזוי קלוג זײַנ צו זאָגנ, וואָס אינ דעמ וואכנדיקנ מויעכ פונ אזא פינאנסיסט אונ אונטערנעמער, ווי מענדל קראסנאָפּיורקאָ טוט זיכ! וועגנ זײַנ געדאנקענגאנג האָט מענ זיכ בלויז געקאָנט אָנשטויסנ נאָכ די ווערטער, וואָס זײַנענ, פונ צײַט צו צײַט, געפאלנ פונ זײַנע ליפּנ:

— טיפוס... טיפוס...

בא קאזשדאנענ אינ קאָפּ האָט דערווײַל א בליץ־געטאָנ א געדאנק... נײנ, עס האָט ניט א בליץ געטאָנ. אינ קאזשדאנס מויעכ האָט דערהויפּט קײנמאָל ניט געבליצט, ווער רעדט די לעצטע צײַטנ האָט זײַנ קאָפּ קאָנקורירט מיט זײַנ מאָגנ: דו ביזט ליידיק, בינ איכ נאָכ ליידיקער. סאָמער זײַנענ אינ אימ, ווענ ניט איז, יאָ געבוירנ געוואָרנ געדאנקענ, האָבנ זײ זיכ געכאָרבלט פויל אונ קריכעריש ווי ווערימ אינ א נעוויילע.

אײנס אזא ווערימל האָט זיכ איצט א ריר געטאָנ אינ די שלענגונגענ פונ זײַנ מארכ אונ האָט באוועגט קאזשדאנס ליפּנ צו זאָגנ:

— אינאײנעמ מיט מיר וואָלט איר געקענט היפּש אופּטאָנ...

— הע?!

וואָלט קאזשדאנס מויעכ, לעצטנס, ניט געפונענ זיכ אונטער א שטענדיקנ נעפּל,

וואָלט ער נאָך אזא „הע“ פארלאָרן יעדן כיישעק ווײַטער צו ריידן — אזויפיל שפּאָט, כויזעק און ביטל איז אין די צווײ אויסיעס אַרײַנגעלייגט געוואָרן, — אָבער איצט האָבן זיך זײַנע געדאנקען־ווערימלעך באוועגט צו לאנגזאם. און, איידער דער מיין און אינהאלט פון דעם „הע“ זײַנען דערגאנגען פון זײַן אויער צו זײַן מארך, האָבן שוין די ליפּן זײַנע איבערגעכאזערט די זעלביקע ווערטער נאָכאמאָל:

— איר מיט מיר, זאָג איך, וואָלטן צוזאמען געקאָנט א סאך אופּטאָן...א?

קראסנאָפּיורקאָ האָט זיך אָנגעבויגן פאָרויס, צוגעלייגט א האנט צום אויער, ווי א טרײַבל, קלוימערשט ער הערט ניט און, פארזשמורענדיק איין אויג, טאמעוואטע א פרעג געטאָן:

— הא, דו זאָגסט עפּעס, פּאָליע, צי מיר דאכט זיך בלויז?..

מיט יעדער באוועגונג פון קאזשדאנס ליפּן איז דער נעפּל ווי אויס פון זײַן אָפּענעם מויל. אין קאָפּ איז שוין בא אים געווען האלב אויסגעלײַטערט און די ליפּן האָבן זיך באוועגט אנטשלאָסענער.

— איר האָט מיך געדארפט נעמען פאר א שוטעף — האָט ער שוין אָן שום זײַטיקע ווענג פאָרגעשלאָגן.

קראסנאָפּיורקאָס שטערן האָט זיך צערונצלט. די קנייטשן אף אים האָבן זיך פארקליבן ביז די סאמע וואָרצלען פון זײַנע רויטלעכע האָר. די אויגן זײַנע האָבן זיך פריִער ברייט צעעפנט אין ווונדער. נאכהער פארזשמורעט זיך אין שפּאָט. קוקנדיק פון צווישן די אויגן־שפּעלטעלעך אף קאזשדאנען, ווי אף עפּעס א טשיקאווע און קאָמישע בריִע, האָט ער, מיט געמאכטן ערנסט, א פרעג געטאָן:

— שוטפעס, זאָגסטו? איך מיט דיר — שוטפים?

— איר מיט מיר—שוטפים...

— אין וואָסער געשעפט שוטפים?

— דאָס דארפט איר בעסער וויסן. איך בין דאָך קיין סוחער קיינמאָל ניט געווען.

— און געלט פאר דער פירמע „קראסנאָפּיורקאָ און קאזשדאן“? — האָט מענדל נאָך מער שפּאָטיש געזשמורעט די אויגן.

— געלט? הע, הע! געלט, פארשטייט זיך, וועט איר געבן.

קראסנאָפּיורקאָ האָט געעפנט די שפּעלטעלעך אביסל ברייטער.

— אז־זוי... געלט — איך, קלאָר, ווי שאָקאָלאד... נו, און דו, דער צווייטער שוטעף פון דער פירמע, וואָס וועט ער אַרײַנלייגן אין געשעפט?

איך? מײַן... מײַן ע־ע... מײַן טיפוס... ס'הייסט, איך וועל זײַן דער פאָרער... איר זאָגט דאָך אליין: קײַן מאָסקווע, פּעטראָגראד, אָדעס... מען קאָן דאָך א וועלט אײַנרײַסן.

קראסנאָפּיורקאָ האָט זיך ניט צעלאכט.

— האָסט דען געהאט א טיפוס? — האָט ער זיך פאראינטערעסירט. — אָ, יאָ. איך דערמאָן זיך. מײַן נעכע האָט מיר טאקע אנומלט געדולט א קאָפּ וועגן דײַנער א קרענק... האָסטו, הייסט עס, געהאט א טיפוס?

— איינעם? — דרײַ!

— וואָס הייסט?

— געהאַט אי פלעק־טיפוס, אי בויכ־טיפוס — נאָכ וועלכע! קוים מיטנ לעבנ ארויס.

— ביזט דאָכ טאקע גאָר א מאָלאָדיעצ! — האָט קראסנאָפיורקאָ שוינ אָנגעהויבנ האָבנ פאר אים אביסל דערעכערעצ.

— טאָמער ווילט איר א וואָזווראטנעם, האָב איכ א וואָזווראטנעם אויכ געהאַט — האָט קאושדראנ אָנגעגעבנ אינ קאפיטאל א דריטנ טיפוס.

— א וואָזווראטנעם אויכ? ביזט דאָכ, הייסט עס, א געטיפטער פונ אלע זײַטנ.

— נאָכ ווי! מיט דעם וואָזווראטנעם בינ איכ געווענ מער אפ יענער וועלט, ווי אפ דער וועלט — האָט קאושדראנ אָנגעהויבנ בארימענ זיכ מיט זײַנע טיפוסנ, ווי מיט וווּנדנ באקומענע אינ א העלדישנ שלאכט.

— אָכ, אָכ, א גליקלעכער מענטש! — האָט אים קראסנאָפיורקאָ קימאַט ווי מעקאנע געווענ.

— אזעלכע גליקנ אפ מײַנע סאָנים געזאָגט געוואָרנ! כ'קענ נאָכ איצט צו די קויכעס ניט קומענ.

— מענטש אייגער! א קלײניקײַט הײַנטיקע צײַטנ באוואָרנט זײַנ פונ אלע זײַטנ!.. אי א סיפנאָי, אי א ברושנאָי, אי א וואָזווראטנעם — שטראכירט ארום אונ ארום... די גאנצע וועלט איז דאָכ פאר דיר איצט אָפנ...

— זעט איר דאָכ. וואָס קאָנ מענ אופטאָנ מיט גאָלע טיפוסנ? — האָט קאושדראנ צעפירט מיט די הענט.

— זאָג דאָס ניט, פאָליע. טיפוסנ זײַנענ איצט פאר א נאש בראט אויכ א קאפיטאל... גלײַכער אווארע, אז מע האָט זיי ניט, נאָר אז שוינ איבערגעקומענ, איז עס ווערט גאָר דאָס געלט...

פאָליע איז געזעסנ א דערשלאָגענער.

— ניט געזאָרגט, פאָליע! — האָט אים קראסנאָפיורקאָ א קלאפ געטאָנ איבערנ פלייצע, — מיר וועלנ שוינ עפעס אופטאָנ. איכ בינ ניט דער מענטש, וואָס זאָל דורכלאָזנ אזא געלעגנהײַט. ביפראט א קאָרעוו... הערס, א מענטש איז א געטיפטער פונ דרײַ זײַטנ, האָט, קענ מענ זאָגנ, א פארטיקנ קאפיטאל אינ האנט, אונ ווײַזט זיכ אפ די אויגנ ניט! אָט דאָס טײַנע איכ דאָכ: נאָר קיינ שלימאזל ניט זײַנ, נאָר ניט געשלאָפנ!.. וואָס ארט דיכ, פאָליע, ס'וועט גוט זײַנ! א שוטעפ ניט א שוטעפ — אפ גלײַכע שוטפעס דארפ מענ גלײַכ געלט, — נאָר קיינ פארנאָסע ארום מיר וועט דיר שוינ ניט פעלנ!..

II

יעדערע צוויי וואָכנ האָט מענדל קראסנאָפיורקאָ ארײַנגענומענ פאָליע קאושדראנ צו זיכ אינ הינטער־שטיבל, ארומגעוויקלט דעם אייבערשטנ טייל קערפער זײַנעם מיט שטיקער זײַד, די פיס — מיט זײַדענע שאלכלעכ, אָנגעפעלצט אים אינ געשטריקטע פרויענ־זשאקעטנ, אָנגעשטאָפט זײַנע קעשעניעס מיט זײַדענע זאָקנ, מיט זאמשענע הענטשיקעס, ארונטערגערוקט אונטערנ אונטערשלאק פונ מאנטל אטלעסענע סטענגעס, געצאצקעטע קעמעלעכ אונ אנדערע ווארשעווער „אויסלענדישע" ארטיקלעכ, אונ אזוי, א געפענטעטנ, גלײַכ פונ שטוב אָפגעשיקט אים אפנ וואָקזאל קיינ מאָסקווע.

אינ מאָסקווע פלעגט קאזשדאנ פארפאָרנ צו עליע פאָזשאריק, קראסנאָפּיורקאָס שוטעפ, וואָס פלעגט אימ גלײַכ מאָגער מאכנ אונ אָפּשיקנ אימ אפּ אכסאניע צו נאזאר מאגאיאנצנ, א דריטנ שוטעפ צו דער פירמע קראסנאָפּיורקאָ אונ קאָמפּ.

קײַנ מאָסקווע איז פאָליע שטענדיק געפאָרנ א דיקער, ווי א בארג, קוימ באַוועגנדיק מיט די געפּענטעטע פיס. צוריק איז ער שוינ געפאָרנ א מאָגערער, א לײַכטער, כאָטש ניט קיינ רוּיקערער, ווי אהינוועגס: פארוויקלט אינ וואטע זײַנע אינ זײַנע אויערנ געלעגנ „ארבעס" — א ספּעקולאנטישער נאָמענ פאר ברילִיאנטנ, אינ די שקארפּעטקעס — „קנעפּלעכ", אינ ראנד פונ היטל — „לאָקשנ", אינ זוימ פונ מאנטל — „געוויכטלעכ", „יעקעס" אונ אנדערע וואליוטעס, וואָס האָבנ קיינ סאכ אָרט ניט פארנומענ, אָבער וואָס זײַנענ אסאכ ווערט געווענ.

קומענדיק קײַנ מינסק, פלעגט פאָליע גלײַכ פונ וואָקזאל פארפאָרנ צו קראסנאָפּיורקאָנ אָפּרייניקנ זיכ פונ די „פּאסקודסטווע" — ווי דאָס ווײַב זײַנע האָט באַצייכנט די „סכוירע", וואָס איר פאָליע האָט געפירט פאר איר קאָרעוו מענדל קראסנאָפּיורקאָ.

— איכ וויל די פּאסקודסטווע אפילע קיינ איינ מינוט בא זיכ אינ שטוב ניט האָבנ.

הינדעס, פאָליעס ווײַב, איז ביקלאל דער גאנצער אייסעק ניט געפעלנ געוואָרנ.

— כאוואָלט מיר בעסער די צונג אָפּדארנ, איידער כ'האָב דיכ געשיקט צו דעמ ספּעקוליאנט בעטנ פארנאָסע — האָט זי זיכ געחוּנטשנ. — זאָל איכ וויסנ, אז ער פארנעמט זיכ מיט אזעלכע שפּיגעליאציעס אונ וועט נאָכ דיכ אינ זיי ארײַנשלעפּנ.

— וואָס'ט ער מיכ ארײַנגעשלעפּט, וואָס? איכ בינ, אפּאָנעמ, א שוטעפ צו זײַנע געשעפטנ? — האָט זיכ פאָליע פארענטפערט, — איכ פיר נאָר אָפּ זײַנ סכוירע אונ ווײַטער ווייס איכ ניט פונ וואָס צו זאָגנ.

— דאָס איז א טערעצ פאר מיר, פאָליע, ניט פאר דער סאָמעצקער וולאסט. געדענק, פאָליע, דו שפּילסט זיכ מיטנ לעבנ.

— מיר, מיינסטו, איז עס ניכע? נאָר וואָס זאָל מענ טאָנ. עסנ מוז מענ דאָכ, — האָט זיכ פאָליע פארענטפערט.

— אז איכ וויל ניט גוט עסנ, — איכ וויל גוט שלאָפנ — האָט הינדע געטענעט, — אונ ווי קאָנ איכ רוּיִק שלאָפנ, אז איכ ווייס דו פאָרסט אוועק מיט די פּאסקודסטווע אונ ווערסט, כאָלילע, עפּשער צוריק ניט קומענ.

— אָט נאָכ צוויי-דרײַ רײַזעס אונ — האָדיע! מער פאָר איכ ניט, ער זאָל מיכ אפילע אָפּגילטנ. נאָר א צוויי-דרײַ רײַזעס מוז איכ נאָכ מאכנ. ער וויל מיכ שיקנ קײַנ אָדעס. איכ וועל דערבײַ גוט פארדינענ, זאָגט ער. מיט דאָס ביסל געלט, וואָס כ'וועל אָפּשפּאָרנ פונ די נעסיִעס, וועל איכ אימ קאָנענ שיקנ צו אלדישוואַרציאָר מיט זײַנע שפּעקוליאציעס.

— האלעווײַ זאָל זיכ דאָס גוט ענדיקנ, פאָליע — האָט הינדע געזיפצט.

— מיט דעמ אויבערשטנס הילפ... — האָט פאָליע געהאָפט.

נאָר הינדע האָט, אפּאָנעמ, ניט געהאָפט אפּ גאָטס הילפ אינ די טרייפע געשעפטנ.

— איך ווייס איין זאַך: ווער סע גייט קעגן דער סאָוועצקער וולאַסט, האָט א מיִעסן סאָפ — האָט זי געוואָרנט.

און אויסרעכנענדיק א גאַנצן צעטל ספּעקוליאַנטן, וואָס האָבן געהאַט א מיִעסן סאָפ, האָט זי פאַרענדיקט:

— מיילע באַ מענדלען האָט די סאָוועצקע וולאַסט צוגענומען מויערן, וויל ער זיי צוריק אָפּנעמען דורך שפּעקוליאַציעס, אָבער וואָס'ט זי באַ דיר צוגענומען דו זאָלסט איר ביין אַנטקעגן?

— ביזט גערעכט, הינדע, — האָט פאָליע מאַסקים געווען, — אָט ווי איך זאָג דיר: נאָר א קאַפּעטשקע אָפּ די פיס שטעלן זיך, און איך שפּיַי אים אָן א פולן פּאַ־נעם.

III

קומענדיק פון זיַין לעצטער ריַיזע קיַין מאָסקווע, איז פאָליע, ווי זיַין שטייגער, גליַיך פון וואָקזאַל פאַרפאָרן צו קראַסנאָפּיורקאָ אָפּראַמען זיך פון די „פּאַסקודסטווע“.

אריַינגייענדיק צו מענדלען אין שטוב, האָט זיך פאָליע אָנגעשטויסן אָפּ א סקעלעט, וואָס איז געזעסן אָפּ א פּאָטעל, אַרומגעלייגט פון אַלע זיַיטן מיט קישנס און קישעלעך. די פיס באַם סקעלעט זיַינען פאַרוויקלט געווען אין א וואַטאָווער קאָלדרע. אָפּ דער קאָלדרע זיַינען אומבאַוועגלעך געלעגן צוויי טויטע, דורכזיכטיקע הענט, באַדעקטע מיט געלב־בלאַסע קליַיען, צוזאַמענגעזאָמלטע אין איין גרויסן געלבן פלעק.

קאַזשדאַן איז געבליבן שטיין אין אומזיכערקיַיט.

— אַנטשולדיקט... כ'האָב, דאַכט זיך, ניט געטראָפן מיט דער טיר... דאָ האָט פריִער געוווינט איינער מענדל קראַסנאָפּיורקאָ.

דער לעבעדיקער מעס האָט אויפגעדעקט זיַינע בלוטלאָזע, בלייכע דעסנעס, וואָס האָט, אַפּאָנעם, געדאַרפט דינען צַנשטאָט א שמייכל און האָט, מיט א דינ־הייזעריק קעלכל פון א ניט דערקוויקטן האָן, אַרויסגעסקריפּעט:

— ניט צו דערקענען מיך, הא, פאָליע?...

קאַזשדאַן האָט זיך גוט איַינגעקוקט.

— עס קאָן ניט זיַין! וואָס איז מיט איַיך געשען, מענדל? איר זעט דאָך אויס, ווי א מעס, ניטדאָגעדאַכט!

— גע־האַל־טן באַ ווערן... דריַי וואָכן... גע־ראַנ־גלט זיך... מיטן... מיטן מאַלע־כאַמאָוועס... אַר־ופ!...

— וואָס איז איַיך געווען, מענדל?

— א סיפּנאָי... א פלעק-טיפוס...

— ווו האָט איר עס געכאַפּט? געפאָרן ערגעץ?

— ניין... אז ס'איז באַשערט, ברענגט מען עס דיר... אין שטוב אריַין... א דיַיגע ווו כאַפּן א טיפוס... אין שול, אין באָד, אָפּ דער שוואַרצער בירזשע... קוים מיטן לעבן אַרויס... היַינט צום ערשטן מאָל... פון בעט אַראָפּ, אוי!...

— נו, אבי, גאָט צו דאַנקען, מען לעבט. איצט וועט איר, מירצעשעם, צו זיך קומען.

— מיטן אויבערשטנס הילף...

און אָפּציִענדיק דעם אָטעם, האָט ער מיט זײַנ דינ סקריפּענדיק שטימעלע פונ נאָכ א שווער־קראַנקנ, געפרעגט:

— וואָס הערט זיכ עפּעס, פּאָליע?... געבראַכט עפּעס גוטע סכוירע?... דרײַ וואָכנ קײנ וואָרט ניט געלאָזט פונ זיכ הערנ... געמײנט מענ האָט דיכ באַגאַנוועט... צי, כאָלילע, נאָכ ערגער — אַרײַנגעפאַלנ... נו, זאָג שוינ, עפּעס רעכטס?... מע באַדאַרפ פּאַרנאָסע... אײַ, דאַרפ מענ... אַזאַ צײַט געקרענקט... גאָרנישט פאַרדינט און נאָכ אויסגעבראַכט זיכ... א קלײניקײַט!...

קאַזשדאַנ האָט אַרויסגענומענ פונ די באַהאַלטענע ערטער די געבראַכטע „סכוירע" און אַרויסגעלײגט עס פאָליענ אפנ קאָלדרע. מיט וועקסענע פינגער האָט קראַסנאָפּיורקאָ איבערגעקליבנ די בלישטשענדיקע שטײנדלעכ און איבערגעשאָטנ די גאָלדענע מאַטבײעס פונ אײנ האַנט אינ דער צווײטער. זשמורענדיק דערבײַ די אויגנ, ווי א קאַץ פאַר דער זונ. אפ זײַנע אָפּגעצערטע בלײכע באַקנ איז אַרויסגעטראָטנ א לײַכטע רויטלעכקײַט, די טרוקענע ליפּנ, אָפּט באַלעקט מיטנ שפּיץ צונג, זײַנענ ווי אָפּגעפרישט געוואָרנ און אינ די פאַרגלעוערטע, אויסגעלאָשענע אויגנ האָט אויפגעבליצט א פונק לעבנ... מענ וואָלט געזענ, אַז דער אָנבליק פונ די בריליאַנטלעכ און דער קלאַנג פונ גאָלד גיסט אַרײַנ נײַ לעבנ אינ זײַנ האַלב־טויטנ קערפּער.

אָנגעשפּיגלט זיכ אינ זײַנע אויצרעס, איז קראַסנאָפּיורקאָ א מידער צוריק א פאַל געטאָנ מיטנ קאָפּ אפנ קישנ און איז, דאַכט זיכ, אײַנגעדרעמלט. בלויז דער ציטער פונ זײַנע אַראָפּגעלאָזענע בלוי־דורכזיכטיקע וויִעס האָבנ אַרויסגעגעבנ, אַז ער איז וואַכ.

פאָליע איז אויפגעשטאַנענ, פאַרקנעפּלט דעם מאַנטל און, קלײַבנדיק זיכ אַוועקגײנ, האָט ער געזאָגט:

— בעעצעם האָב איכ געוואָלט מיט אײַכ דורכרײדנ זיכ וועגנ מײַנ נעסיִע קײנ אָדעס, נאָר איכ זע, איר זײַט מיד, וועלנ מיר עס אָפּלײגנ אפ אנ אַנדערש מאָל.

קראַסנאָפּיורקאָס צעקנײטשטע בלויע וויִעס האָבנ זיכ קוים, קוים אויפגעהויבנ.

— קײנ אָדעס... וועל איכ... אַלײנ... פאָרנ.

קאַזשדאַנ האָט אפ אים אויפמערקזאַם א קוק געטאָנ, צי רעדט ער ניט פונ היץ? ניט געדאַרפט אים אָנשטרענגענ מיט באַריכטנ וועגנ דער רײַזע.

מענדל האָט פאַרשטאַנענ זײַנ בליק.

— ניט איצט, פאַרשטײט זיכ... פריִער אביסל... צו די קריכעס קומענ... כ׳רעכנ אינ א דרײַ־פיר וואָכנ אַרום וועל איכ... וועל איכ שוינ קאָנענ פאָרנ... אוי!...

— איכ פאַרשטײ ניט צו וואָס פאָליע — האָט פאָליע ניט פאַרשטאַנענ, — איכ רײד וועגנ אײַער פּלאַנ וואָס איר׳ט אַנומלט פאָרגעשלאָגנ: פירנ קײנ אָדעס פּראָדוקטנ, דאָרטנ...

— איכ ווײס... איכ ווײס — האָט אים מענדל איבערגעשלאָגנ, — אָבער כ׳האָב דאָכ... געזאָגט... כ׳וועל אַלײנ פאָרנ...

— וואָס הײסט, און איכ? — האָט מענדל אַלץ ניט פאַרשטאַנענ.

— דו, פאָליע, טויגסט זיכ ניט... צו אַזעלכע... געשעפטנ... דאָס איז דיר ניט אָפּפירנ און ברענגענ... דאָס איז א געשעפט, וואָס... וואָס פאָדערט א מענטשנ... אָנ... אָנ דײַנע אײדלקײַטנ און... און ווײכקײַטנ... א מענטש מיט א כאַראַקטער. מענ

דאַרף דאָרטן אָנטאַפּן די שטילע... די אײדעלע קאָפּצאָנים... די דיסטאָקראַטן, די פּריפּעסאָרן... װאָס שעמען זיך נאָך מיט זײער דאַלעס און... און װײסן ניט װער ס'האָט זײ געשלײערט... און... און צוקװעטשן זײ, צודריקן... און ניט בעמײַלט זיך... אַז דער הונגער װעט זײ גוט... אַ קװעטש טאָן, װעלן זײ דיר אָפּגעבן פאַר אומזיסט... און דו... דו טויגסט זיך ניט צו אַזעלכע זאַכן — האָט ער געשעפּטשעט, װי פון היץ.

פאָליע האָט מיט שרעק געקוקט אָף מענדלען. אים האָט זיך אָנגעהױבן דאַכטן, אַז דאָס איז אַ טױטער אױפגעשטאַנענער פון קײװער און קלײַבט זיך אָנכאַפּן לעבעדיקע פאַר די העלדזער מיט זײַנע בײניקע פינגער... די בלױע װײַעס האָבן איצט געציטערט אָן אױפהער, די װעקסענע פינגער האָבן קאָנװולסיװ געכאַפּט זיך פאַר דער קאָלדרע און די פאַרשמאַכטע ליפּן האָבן, װי אין אַ טראַנס, געשעפּטשעט:

— צוקװעטשן... צודריקן... דינגען זיך... ניט געמײַלט...

פאָליע האָט אַ טראַכט געטאָן: עפּשער גלײַכער, װאָס ס'האָט זיך אַזױ געמאַכט. אים האָט זיך אָבער ניט געװאָלט אװעקגײן מיט לײדיקע הענט פון זײַן װײַבס קאָרעװ.

— צו װאָס זאָלט איר ריזיקירן מיט אײַער געזונט. אַ צװײ־דרײַ מאָל װעל איך זיך דורכפּאָרן און נאָכהער, אַז איר װעט אינגאַנצן צו זיך קומען, װעט איר אַלײן פאָרן.

— נײן, פאָליע, מער דאַרף איך דיך ניט — האָט מענדל מיט די לעצטע קױכעס געשעפּטשעט. — דײַן גאַנצער קאַפּיטאַל איז געװען דײַנע טיפוסן, אָבער איצט, אַז איך האָב געהאַט אַן אײגענעם טיפוס... בין איך... אױ!.. אַלײן אַ פּאָרער... שװער צו רײדן...

פאָליען האָט זיך געװאָלט אַ געשרײ טאָן: ספּעקוליאַנט, מיִעסע בריִע! נאָר געזאָגט האָט ער:

— גוט, איר האָט געהאַט אַ פלעק־טיפוס, אָבער איר קאָנט דאָך נאָך כאַפּן אונטערװעגס אַ בױך־טיפוס... איר זײַט דאָך נאָך אַזױ אָפּגעשװאַכט... צו שװאַכע קלעפּט זיך...

מענדל איז שױן געװען אינגאַנצן אױסגעמאַטערט און האָט געװאָלט װאָס גיכער פאַרענדיקן דעם שמועס מיט פאָליען.

— דער איקער איז אַ טיפּנאָי... אַ ברושנאָי הענדט זיך... אָן זיך אַלײן... אַז מ'איז אָפּגעהיט... מירן עסן און טרינקען... כאַפּט מען ניט קײן ברושנאָי...

פאָליע איז אַ צעקאָכטער געװאָרן.

— מע כאַפּט ניט? איר װעט, מיט גאָטס הילף, כאַפּן! אַלע דרײַ טיפוסן װעט איר כאַפּן...

קראַסנאָפּיורקאָ האָט אױסגעמאַטערט אָפּגעזיפצט.

— אײַ, פאָליע, פאָליע!.. איך זע, ביזט געװען אַ שלימאַזל און... געבליבן אַ שלימאַזל... כ'האָב דען דיך געדאַרפט צו מײַנע געשעפטן? — כ'האָב געדאַרפט דײַן טיפוס... אָבער, אַז דײַן טיפוס דאַרף איך מער ניט, דאַרף איך דיך אױך ניט... װי װאָלסטו געטאָן, פאָליע?... געשעפט איז ניט צדאָקע... אױ. נו, איצט גײ, פאָליע... איך בין אױס־גע־מאַטערט... און קום אַמאָל אַרײַן... יאָ מײַן מענטש, ניט

מײַנ מענטש... אז — אופ!... קרויוים בלײַבנ מיר דאָכ... לאָז זיכ זענ... שטענדיק גרייט דינענ דיכ... מיט אנ אייצע... אר־אופ...

פּאָליע האָט צום לעצטנ מאָל א קוק געטאָנ אפּ מענדלענ.

— ניינ, פּאר אזעלכע ווי איר, זײַנענ דרײַ טיפוסנ ווייניק... אײַכ דארפ טרעפנ א גוטע כאָליערע, א טשומא, שווארצע פּאָקנ, אלע מאגייפעס פונ דער וועלט זײַנענ פאר אײַכ קנאפּ, פארשיווע ספּעקוליאנטנ!...

א האק געטאָנ מיטנ טיר אונ אוועק.

אפנ קישנ איז ווידער געלעגנ א לעבעדיקער מעס. די צעקנייטשטע בלויע וויִעס האָבנ געציטערט אָנ אופהער אונ די טויטע ליפּנ האָבנ אָנ קלאַנג עפּעס געשעפּ־טשעט...

---

מ. יו. לערמאָנטאָוו

יִדיש — מ. כאשטשעוואצקי

# דער דעמאָנ

## ערשטער טייל

1

דער וואנדער־גײַסט, דער טריבער דעמאָנ
האָט איבער זינדיקער ערד געשוועבט,
אונ ס'האָבנ זיכ פאר אימ אינ דרעמל
זיכרוינעס פונ אמאָל געוועבט.
ווענ ער האָט אינ געצעלט אינ העלנ
נאָכ ווי א ריינער קרוו געשײַנט,
ווענ א קאָמעט אינ לויפ אינ שנעלנ,
אימ פלעגנ מיט שמייכל ניט פארפעלנ
אונ גריסנ צערטלעכ, ווי א פרײַנט;
ווענ דורכ די נעפלענ די געדיכטע,
האָט ער, נאָכ וויסנ דאָרשטיק, שטומ
געשפירט די קאראוואנענ ליכטער,
וואָס בלאָנקענ אינ דעמ רוימ ארומ;
ווענ פול מיט גלויבנ, ליבע־לוסט,
געשאפנ אינעמ וועלט־באגינענ,
האָט ער קיינ זאָרגנ ניט געוווּסט,
קיינ צווייפל ניט אונ נימ קיינ סינע.
אונ ס'האָט זײַנ מויעכ ניט געדראָט
די טריבע קיימ פונ פוסטע יאָרנ...
אונ נאָכ, אונ נאָכ... נאָר אלצדינג האָט
שוינ ניט פארהיט אויכ זײַנ זיקאָרנ! —

2

פונ לאנג פארשטויסנ, אָנ א היימ,
האָט ער אינ וויסט פונ וועלט געוואָגלט,

און דאָר נאָכ דאָר האָט איינס נאָכ איינס
ווי שנעלע רעגעס זיכ געטראָגנ.
אָנ ענדערונג, אָנ פרייד, אָנ צאר.
פונ ערד פונ נישטיקער דער האר,
געשפרייט האָט בייז אָנ פארגעניגנ.
און קיינער איז אינערגעצ הייס
אקעגנ אים ניט אופגעשטיגנ—
—און ס'איז דערעסנ אים דאָס בייז.

3

און איבער בערג קאווקאזער בונטע
געפלויגנ איז דער מענטשנפיינט,
קאזבעק האָט ווי א דימענט אונטנ
מיט שנייענ אייביקע געשיינט.
און טיפער צווישנ פעלדזנ ברוינע
האָט ווי א שפאלט, א שלאנגענ־ווינונג,
דאריאל געדרייט זיכ אויס און איינ.
געברומט האָט טערעק ווי א לייבנ,
די גריווע זיינע—ווייסער רויכ,
און כייעס אינ די בערג דערהויבנ,
און פויגלענ אינ דער בלויער הויכ
האָבנ די רייד פונ שטראָם געטראָפנ.
און וואָלקנס גאָלדענע, פונ ווייט,
פונ בליענדיקער דאָרעם־זייט
באגלייט זיי האָבנ אים אפ צאָפנ;
און פעלדזנ ענג צונויפגערוקט,
און פולע מיט געהיימענ דרימל,
מיט קעפ געבויגענע געקוקט
האָבנ אינ כוואליעשנ געווימל,
און טורעמ־שלעסער גאָר אסאכ
דורכ נעפלענ האָבנ שטרענג געלויערט,
ווי ריזנוועכטער אפ דער וואכ,
אפ פעלדזנ, בא קאווקאזער טויער.
און ווילד און וווּנדערלעכ זיכ ווייזט
גאָנס וועלט; נאָר ס'האָט דער שטאָלצער גייסט
א קיק געטאָנ מיט שפאָט מיט לערנ
אפ אָט די געטלעכ שיינע ווערק,
און ס'האָט זיכ אפ זיינ הויכנ שטערנ
קיינ שום באוועגונג ניט באמערקט.

4

אונ ס'נעמט זיכ גלײַכ פאר אים צו מאָלנ
א בילד א לעבעדיקס, א צװײטס,
פונ שײנער גרוזיע די טאָלנ
װי טעפּיכער אינ װײַט צעשפּרײט.
א גליקלעכ לאנד. א קאנט פונ פרײד!
עס שטײַגנ פעלזנ װי אינ כאָלעמ,
אונ שטראָמענ לױפנ מיט געקלאנג
אינ בעטנ פונ קאָלירטע שטײנער.
אונ צװישנ רױזנ קלינגט געזאנג
פונ סאָלאָװײ, װאָס זינגט זײַנ שײנער,
נאָר זי איז קאלט צו ליבע־דראנג.
טשינארעס ברײט צעצװײַגטע אלטע
מיט מאָכ געדיכטנ צוגעדעקט.
אונ הײלנ, װו אינ הײסע טעג
זיכ ציטערדיקע הירשנ האלטנ,
אונ גלאנצ אונ לעבנ אומעטום,
אונ הונדערטשטימיקער געברום,
אונ פלאנצנ — טױזנטער געשטאלטנ!
אונ ס'איז דער האלבטאָג הײס אזױ,
אונ מיט א שמעקנדיקנ טױ
די נעכט די פײַכטע װי פארצױגנ,
אונ שטערנ פינקלענ װי די אױגנ
בא א גרוזינער יונגער פרױ.
נאָר גאָרניט אױסער קאלטער סינע
האָט גאָר די פּראכט שױנ ניט פארשאפט
דעמ הארצ פונ װאנדערער, זײַנ זינען.
קײנ נײַ געפיל, קײנ נײַע קראפט.
אונ אלצ, װאָס ס'איז פאר אימ געלינגנ,
האָט ער פארהאסט אָדער פארשפּיגנ.

5

א ברײטנ הױפ, א הױכנ שלאָס
האָט זיכ גודאל דער גרײַז געשאפנ...
ס'האָט מי אונ טרערנ פיל געקאָסט
זײַנע האכנאָעדיקע שקלאפנ.
אפ בערג אפ שכײנישע קאלאָס
פלעגט פונ די װענט א שאָטנ ליגנ.
אינ פעלדז געהאקט דאָרט זײַנע שטיגנ.
פונ װינקל־טורעמ פירט א שטעג

צום טײַכ אראָפ. דאָ פלעג מענ קאָנענ
די יונגע פירשטנ זענ, דאָ פלעג
טאמארע גײנ, פארשטעלט דאָס פאָנעם,
נאָכ װאסער צום אראגװע־ברעג.

6

ס׳האָט שטענדיק שטיל אזױ צום טאָל־צו
געקוקט פונ פעלדז דאָס שטרענגע הױז,
נאָר הײַנט איז דאָרט א גרױסער מאָלצײַט,
מיט זורנע־קלאנג אונ װײַנ־געברױז.
גודאל זײַנ טאָכטער האָט פארקנאסט,
איז גאָר דאָס הױזגעזינד צוגאסט.—
אפ דאכ, מיט טעפיכער פארשפרײטנ,
די קאלע צװישנ פרײַנדנס װײַלט.
אינ שפיל אונ זינגענ גײט די צײַט.
פונ זונ דעם האלבנ קרײַז דעם רױטנ
באהאלטנ האָבנ בערג שױנ חײַס.
זײ זינגענ אונ זײ פליעסקענ אלע.
אונ אָט דעם פײַקל גרינגערהײט
עס נעמט אינ הענט די יונגע קאלע,
אונ הױכ איבערנ קאָפ אימ דרײט,
אונ װיגנדיק אינ טאנצ זי גײט.
אָט פליט זי לײַכטער פונ א פױגל,
אָט שטעלט זיכ אָפ אונ קוקט זיכ אײַנ.
פונ הינטער לאנגע װיִעס שײַנט
דער פײַכטער בליק פונ אירע אױגנ.
אָט גיט זי מיט א ברעם א פיר,
אָט גיט זי זיכ א נױג אביסל,
אונ קוים דעם טעפיכ עס באריִרט
אינ לײַכטנ שװעב איר געסלעכ פיסל.
אונ שמײכלט אזױ ליבערהײט,
פארפולט מיט קינדערישער פרײד.
נאָר לװאָנע־שטראל אינ אָװנט־טײַכל,
װענ ס׳טרעפט זיכ, גרינג אזױ ער שפילט,
איז מיט דעם שמײכל ניט פארגלײַכנ,—
װאָס איז װי לעבנ יונג אונ מילד.

7

בא דעם פאָליארנ שטערנ כ׳שװער,
בא זונענשײַנ אונ רעגנבױגנ,
קײנ קײסער אפ דער ערד אָט דער,

קײנ הערשער פערסישער, אויכ ער
האָט ניט געקושט אזעלכע אויגנ.
א קװאל, װאָס אינ הארעמענ קװאלט,
האָט קײנמאָל נאָכ אינ זומער־היצנ
מיט זײַנע פערלדיקע שפריצנ
נאָכ ניט באַװאשנ אזא שטאלט.
ס'האָט קײנ שום מענטשנס האנט, כ'קאָנ שװערנ,
באַרירנדיק דעם מילדנ שטערנ,
אזעלכע האָר נאָכ ניט צעקאמט,
אונ זינט די װעלט איז אָנ באַנײדנ,
איכ שװער, אז ס'האָט נאָכ אזא מײדל
גאָר ניט געבליט אינ דאָרעמ־קאנט.

8

צומ לעצטנ מאָל געטאנצט אָנ זאָרגנ...
א טריבנ גורל האָט דער מאָרגנ
פאַר יורעשטע גודאלס פארבאָרגנ.
דאָס שפילנדיקע פרײַהײַט־קינד,
האָט זי באַדארפט א שקלאַפנ װערנ,
א פרעמדנ פאָטערלאנד געהערנ
א ניט באַקענטנ הױזגעזינד.
ס'האָט אָפט געהײמע איבערלעגונג
איר לויטערנ געזיכט פארהילט,
אונ ס'איז איר יעטװידע באַװעגונג
געװענ אי שלאנק, אי פול מיט רעגונג,
אונ אזוי פראָסט אונ אזוי מילד,
אז װענ דער דעמאָנ װאָלט אינ פלי דאָרט,
אינ יענער רעגע זי באַמערקט,
װאָלט ער דערמאָנט זיכ זײַנע ברידער
אונ מיט א זיפצ זיכ אָפגעקערט.

9

אונ ער האָט זי דערזענ. אײנ רעגע
האָט ער אנ אומדערקלערטע רעגונג
דערפילט אינ זיכ, א הײסנ דראנג,
אונ ס'האָט זײַנע נעשאָמע־טיפנ
פארפילט א ליבער מילדער קלאנג,
ער האָט די הײליקײַט באַגריפנ
פונ ליבע, גוטסקײַט אונ פונ פראכט,

אונ לאנג האָט ער אינ בילד אינ מילדנ
געשפיגלט זיכ. אונ ס'האָט דערוואכט
אינ אימ דער טרוימ פונ גליק פארשפילטנ,
ווי ס'וואָלטנ שטערנ ליכטיק, העל
זיכ דורכגעטראָגנ פאר אימ שנעל.
פונ קראפט אומזיכטיקער געפאנגענ,
דערפילט א נײַע בענקשאפט שטיל,
אונ מיט די לאנג באקאנטע קלאנגענ
האָט זיכ צערערט אינ אימ געפיל.
איז דאָס די אופלעבונג געקומענ?
עס האָט זײַנ מויעכ ניט באנומענ,
קיינ שומ פארפירונג־רייד געדענקט.
פארגעסונג? — גאָט האָט ניט געשענקט,
ער וואָלט פארגעסונג ניט גענומענ...

. . . . . . . . . . . . . .

10

דעמ גוטנ פערד פארמאטערט לאנג,
צומ קנאסנמאָל, צו זונ־פארגאנג,
דער כאָסנ אומגעדולדיק רײַט איצט.
מיט גליק דערגרייכט האָט ער באצײַטנס
שוינ דער אראגוועס גרינעמ ברעג.
געלאָדענע מיט שווערע פעק,
קוימ שלעפנדיק די פיס די לאנגע,
עס גייענ קעמלענ אינ א רײ,
וואָס פירנ קאָסטבארע געשאנקענ,
אונ ס'קלינגענ גלעקלעכ אפ זיי.
אליינ דער האר פונ סינאָדאל
דעמ רײַכנ קאראוואנ פירט אָנ,
פארצויגנ שטײַפ דער דינער סטאָנ.
די שטיל פונ שווערד אונ פונ קינזשאל
גלאנצט אפ דער זונ. אפ אקסל שטעקט
די ביקס מיט שניצערײַ באדעקט.
עס שפילט דער ווינט זיכ מיט די ארבל
פונ זײַנ טשוכא 1) — עס איז זײַנ קלייד
דורכויס מיט א גאלונ באנייט,
זײַנ זאָטל שײַנט מיט העלע פארבנ,
די צוימ מיט קוטעסנ, ווי גארבנ.

1) אנ איבערקלייד.

דער פלינקער פערד פון גאָלד־קאָליר,
מיט שוים באדעקט איז אָן א שיר.
א פערד פון שטאם פון קאראבאכער,
דעם אויער שפיצט, און פול מיט פאכער,
ער קוקט פון הויכן פעלדזן־זוים
אין קאָכעדיקן וואסער־שוים.
געפערלעך, שמאָל איז דאָ דער וועג.
פון לינקס א וואנט די פעלדזן בילדן,
און רעכטס — די טיפ פון טײַך פון ווילדן.—
שוין שפעט. אפ בארג, מיט שניי באדעקט,
זיך לעשט דער טאָג; א נעפל קריכט.
דער קאראוואן דעם טראָט פארגיכט.

11

און אָט א קלויסטערל אין אָרעם.
ס'געניסט דאָ דו פון לאנגע יאָרן,
א פירשט, א הייליקער אציגד,
געטויט אָט דאָ פאר זײַנע זינד.
פון דעמאָלט אָן, וווהין ס'זאָל אײַלן
א מענטש — אפ יאָנטעוו, צי אין קריג,
באם קלויסטערל ער מוז דאָ ווײַלן
און טפילע טאָן און בעטן גליק.
און ס'פלעגט די טפילע שיצן אלע
פון מוסולמאנישע קינזשאלן.
נאָר ס'האָט דער כאָסן ניט געפאָלגט
דעם אלטן מינעג פון זײַן פאָלק.
עס האָט דער פאלשער דעמאָן איצטער
דערוועקט אין אים א בײזע גלוסט.
אין טרוימען זײַנע, אין דער פינצטער,
האָט ער די קאלע שוין געקושט.
און פלוצעם—שווינדלען צוויי פון ווײַטן.
און נאָך... א שאָס! — וואָס זאָל ס'באטײַטן?
אפ טרעטערס קלינגיקע א שטעל,
דאָס היטל אָנגערוקט זיך שנעל,
עס איז דער פירשט צו שלאכט א גרייטער;
עס גיט א בלענד פון ביקס די רער,
און צו אן אָדלער גלײַך, טוט ער
א לאָז זיך הייט... א שאָס א צווייטער.
א ווילד געשריי. פון זיפצ א קלאנג,

וואָס ווערט אינ טיפ פונ טאָל צערינען.
ס'האָט דער געשלעג געווערט ניט לאנג:—
אנטלאָפנ זײַנען די גרוזינען!

12

ס'איז אלץ פארשטילט. פונ לאסט באפרײַט,
אפ טויטע קערפערס בא דער זײַט,
די קעמלען קוקנ מיט א שווידער.
אינ שטילנ סטעפּ, פונ צײַט צו צײַט,
די גלעקלעכ ווײערע זיכ טוידען.
צעטריבנ דער רײַכער קאראוואנ.
אונ איבער טויטע קערפערס דאנ
שוינ צייכנענ קרײַזנ טונקלע ראָבנ.
עס ווארט אפ זיי ניט שטילער גראָבנ
אינ מאָנאסטיר, אונטער א שטיינ.
ניט קומענ וועלנ שוועסטערס, מוטערס,
אינ לאנגע דעקטיכער פארקוטעט,
מיט א געוויינ אונ טפילעס גוטע
צו זייער גרוב פונ ווײַטנ קאנט.
דערפאר וועט, מעגלעכ, אפ די פעלדזנ
אמאָל א צײלעם דאָ געשטעלט זײַנ
אינ זייער אָנדענק, בא דעם ראנד.
אונ פרילינג־צײַט עס וועלנ פלאנצנ
דעם קרייצ ארומנעמענ אינגאנצנ
מיט א שמאראגד־נעצ מיט א שיינער.
אונ מיד פונ וועג וועט שוינ ניט איינער
פארקערעווענ אהער, דאָ צו,
בעניסנ אינ דעם שאָטנ רו...

13

עס יאָגט דער פערד פונ אינדנ ניכער,
ער רײַסט זיכ ווי צום שלאכט־געוויכער.
אָט האלט ער פלוצעם אָפּ זײַנ דראנג,
אונ הערט זיכ אײַנ צום ווינט־געקלאנג,
די נאָזלעכער צעשפּרייט מיט ציטער.
אָט פלוצעם מיט די טלאָענ גיט ער
אינ דר'ערד ארײַנ א הארטנ שטויס,
א פאָכ די גריווע אָט, אונ ווײַטער
ער טראָגט א ווילדער זיכ פאָרויס.
עס ליגט אפ אים א שטומער רײַטער!

ער פאלט פון זאָטל שיר אראָפּ,
פארשטעקט אין גריווע איז זײַן קאָפּ.
ס'האלט ניט די צוים די האַנט די טויטע,
די פיס אין טרעטערס נאָר פארשטעקט;
און ס'האָט זײַן בלוט מיט שטראָמען רויטע
שוין דעם שאבראק געדיכט פארפלעקט.
אָ, גוטער פערד, האָסט ווי א דינער
דײַן האר ארויסגעפירט פון שלאכט,
נאָר ס'האָט די קויל פון אָסעטינער
אים ביז דעריאָגט אין טונקלער נאכט!

14

מע וויינט, מע יאָמערט בא גודאלן,
און אוילעם אלץ אין הויף זיך מערט.
באם טויער אף דעם שטיין געפאלן
איז וועמעס טויט־פארמאטערט פערד?
און ווער איז אָט דער טויטער רײַטער?
ס'האָט זיך א שפּור פון אומרו־שטרײַטן
אף טונקלען פּאָנעם זײַנס פארקארבט.
געווער און קלייד פון בלוט צענעצטע,
און אין א ווילדן קלעם א לעצטן
די האנט אין גריווע איז פארשטארט.
ניט לאנג האָסטו דעם יונגן כאָסן
געווארט, דו קאלע, און געקלערט.
צום כאָסנמאָל — זײַן וואָרט אנטשלאָסן —
איז ער געקומען אפן פערד...
נאָר וויי! ער וועט אין קיינע צײַטן
שוין מערער אף דעם פערד ניט רײַטן!..

15

די שטראָף פון גאָט, ווי דונער־קראַך,
איז אף דעם הויזגעזינד געפאלן.
טאמארע פאלט צו בעט פארשמאכט,
און אירע אויגן־טרערן קוואלן.
און טרערן רינען איינס נאָך איינס.
עס הויבט די ברוסט זיך העכער, שווערער.
און ס'דאכט זיך איר, ווי זי וואָלט הערן
א קאָל א וואונדערלעך־געהיימס.
„ניט וויין, מײַן קינד, אומזיסט ניט טרויער,
אף טויטן גוף, ווי לעבנס־טויען,

ניט פאלנ ווערט דײַנ ריינע טרער,
זי ווערט נאָר קלאָרנ בליק פארגרויענ,
די באקנ אויסצערנ, ניט מער.
ער איז שוינ ווײַט פונ דיר פארפלויגנ.
ער ווערט ניט אָפּשאצנ דײַנ פּײַנ.
דעמ טויטנ בליק פונ זײַנע אויגנ
איצט צערטלט הימלדיקע שײַנ.
ער הערט געזאנגענ פונ גאניידנ...
וואָס איז דעמ לעבנס פוסטער טרוימ,
אונ טרערנ, זיפצנ פונ א מיידל
פאר דעמ, וואָס רוט אינ הימל־רוימ?
דער גורל פונ א מענטש א טריבנ,
אָ, גלויב מיר, מאלעכ פונ דער ערד,
ער איז קיינ אויגנבליק ניט ווערט
פונ טרויער דײַנעמ, פונ דײַנ ליבנ".
„אינ דעמ לופט־יאמ פונ די הימלענ,
אָנ א זעגל, אָנ א ראָד,
דורכ דעמ נעפל ליכטער שווימענ
אינ א שטילנ קאראהאָד.
צווישנ פעלדער צווישנ ברייטע
אינ די הימלענ, אָנ א סאָפ,
גייענ וואָלקנס אומ צעזייטע,
ווי די טשערעדעס מיט שאָפ.
שאָ פונ שיידונג, שאָ פונ קערנ
פרייט זיי ניט, באטריבט ניט זיי,
אינ דער צוקונפט — קיינ באגערנ,
אינ פארגאנגענהײַט — קיינ וויי.
ווענ עס רינגלענ דיכ געפארנ,
זאָלסט דערמאָנענ זיי אינ פּײַנ.
זאָל דיכ ערדישעס ניט ארנ,
אונ ווי זיי זאָלסט זאָרגלאָז זײַנ!"
ווי נאָר עס ווערט די נאכט די פרישע
פארדעקנ די קאווקאזער בערג,
ווי נאָר מיט צויבער־וואָרט פארקישעפט,
ווערט ווערנ אײַנגעשטילט די ערד,
ווי נאָר א ווינט ווערט נעמענ בלאָזנ
אונ רירנ די פארוועלקטע גראָזנ,
אונ ס'ווערט א פויגל, אופגעלעבט,
אינ פינצטער געבנ לײַכט א שוועב;
ווענ טרינקענדיק דעמ טוי פונ הימל,

וועט עפנענ זיכ א נאכטיש בלימל,
אונטער דעמ ווײַנשטאָק שטיל פארשארט;
ווענ ס'וועט דער מילער הינטער בארג,
א גאָלדענער, זיכ נעמענ רוקנ
אונ בנייוויש זיכ אפ דיר פארקוקנ,
כ'וועל קומענ דאנ צו דיר צופלי'נ;
אונ וועל אלס גאסט פארבלײַבנ נעבנ,
אפ זײַר פונ וויִעס דײַנע וועבנ
כ'וועל טרוימענ גאָלדנע ביז באגינ..."

16

די ווערטער זײַנענ ווו פארלאָרנ,
ס'איז קלאנג נאָכ קלאנג פארגאנגענ שטומ.
זי'ז אופ, זיכ אומגעקוקט ארומ...
עפעס צעטומלט איז געוואָרנ
דאָס הארצ אינ איר;—ס'איז טרויער, שרעק,
אנטציקונג—ניינ, ניט אויסצוקלאָרנ.
ס'האָט אלצ זיכ מיטאמאָל דערוועקט,
דער גײַסט די קייטנ האָט געריסנ,
ס'האָט פלאמ אינ אָדערנ געברענט,
אונ אלצ—דעמ קאָל דעמ וונדער־ויסנ,
האָט איר געדאכט, אז זי פארנעמט.
אונ ערשט פארטאָג האָט שלאָפ געגארטער
די מידע אויגנ צוגעמאכט,
נאָר אויכ אינ כאָלעמ האָט געוואכט
דער מאָדנער טרוימ, דער אומדערווארטער.
ס'האָט שטומ א נעפלריק געשטאלט,
מיט פראכט ניטערדישער באשטראלט,
צו איר צוקאָפנס זיכ געבויגנ,
אונ ס'האָבנ זײַנע טריבע אויגנ
געקוקט מיט ליבע, טרויער פיל,
ווי ער וואָלט זי באדויערט שטיל.
ס'איז ניט געווענ דער מאלעכ אירער,
איר היטער געטלעכער אונ פירער,
עס האָט קיינ רעגנבויגנ-גלאנצ
די לאָקנ זײַנע ניט באקראנצט,
ס'איז ניט געווענ דער גענעמ־סאָטנ,
קיינ זינדיקער מארטירער, דאכט,
אינ אָוונט לויטערנ געראָטנ:
ניט העלער טאָג, ניט טונקלע נאכט!...

אונדז אָפּ די פּלײצעס, האָבן זיך געהאַלטן פאַר אונדזערע קעפּ און מיט זײערע „אײדעלע״ הענט האָבן זײ אונדז די אויגן פאַרשטעלט, מיר זאָלן ניט זען, ווער עס זיצט אָפּ אונדזערע פּלײצעס. יאָרנלאַנג האָבן מיר געמײנט, אַז מיר זיצן אָפּ זײערע פּלײצעס... זײ קאָרמענען דאָך אונדז... מיר האָבן גאָרניט געזען, אַז זײ גיבן דאָס אונדז פון אונדזערע, וואָס זײ האָבן נאָר וואָס בא אונדז אָפּגעגאַזלט.

„און שפּעטער, אַז די באָלשעוויקעס האָבן מיט גוואַלד אַראָפּגעוואָרפן די באַלעגופים פון אונדזערע אויסגעמאַטערטע פּלײצעס—וואָס האָט מיט אונדז געטראָפן? די פאַרבלענדעניש איז נאָך אַ צײַט לאַנג געלעגן אָפּ אונדזערע אויגן, ווי אַ מין רויך...

„אָט איר זעט... אָט ברענט אין קלוב אַ בליץ-לאָמפּ, אַ גרויסער לאָמפּ און דאָך איז אין קלוב ניט ליכטיק, מע קען זאָגן פינצטער... פאַרוואָס איז דאָס? אָט איר זעט—די גלאָז איז פאַרויכערט, זי פאַרשטעלט פון אונדז די שײַן פון ליכט. ווילט איר עס זאָל זײַן ליכטיק אין קלוב, שנײַדט אַרום דעם קנײט, נעמט אַראָפּ דעם פלאַסט שוואַרצע סאַזשע, ווישט אויס רײן די גלאָז, אַזוי איז מיט די באַלעגופים אויך. ווילט איר, אַז זײ זאָלן אײַך ניט שטערן צו זען די ליכטיקע שײַן, שנײַדט זײ אַרום, ווי איר שנײַדט אַרום דעם קנײטל אין לאָמפּ, רײניקט זײ אויס פון אײַערע קאָלווירטן, ווי דאָס אָנגערויכערטע פון גלאָז... דעמלט וועט אײַך ליכטיק ווערן אין די אויגן״.

אָט אַזוי האָט גערעדט דער נעכטיקער „ווילדער״.

נאָר די סאָוועטנמאַכט האָט געקענט באַפרײַען אָט די דאָזיקע אָפּגעשטאַנענע און דערוואָרגענע פעלקער און שטויסן זײ אָפּן וועג פון געזונטער און צוועקמעסיקער אַרבעט, פון שעפער אָפּן געביט פון מעלוכישער, ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער בויונג.

---

# די גרויסע סטאַלינישע קאָנסטיטוציע

אין דער געשיכטע פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי, אין איר העראָישן קאמפ
פארן קאָמוניזם, פאר דער פרעכטיקער צוקונפט פון דער מענטשהײַט וועט דער יונ־
פלענום פון צק אלקפ(ב) פון 1936 י. פארנעמען א באזונדער, אויסשליסלעך אָרט. דער
גרויסער פירער פון די פעלקער פון פססר, פון די ארבעטנדיקע און אונטערדריקטע פון
דער גאנצער וועלט דער כאַווער סטאַלין האָט פאָרגעטראָגן דעם פלענום פון צק א
ראָיעקט פון א נײַער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע, וואָס איז א דאָקומענט פון א וועלט־
היסטאָרישער באדײַטונג. די דאָזיקע נײַע קאָנסטיטוציע וועט זײַן „די סאמע דעמאָקראַ־
טישע קאָנסטיטוציע פון אלע, וואָס עקזיסטירן אין דער וועלט", ווי עס האָט אָנגעוויזן
דער כאַווער סטאַלין נאָך אינעם שמועס מיטן ה' ראָי האָווארד. דער פלענום האָט באַ־
שטעטיקט דעם פראָיעקט פון דער נײַער קאָנסטיטוציע, וואָס איר איניציאַטאָר, באַגײַסטע־
רער און שעפער איז געווען דער כאַווער סטאַלין, און צוליב איר באַזונדערער וויכטי־
קײַט האָט ער באַשטימט איבערגעבן אַפ דער באַהאַנדלונג פון אַלפאַרבאַנדישן סאָוועטן־
צוזאַמענפאָר, וואָס ווערט צונויפגערופן צוליב דעם דאָזיקן ציל.

דער פרעזידיום פון צענטראַלן אויספירקאָמיטעט פון פאַרבאַנד ססר האָט לויטן פאָר־
שלאָג פון כאַווער סטאַלין באַגיטיקט דעם פראָיעקט פון דער קאָנסטיטוציע און האָט באַ־
שטימט צונויפרופן דעם 25-טן נאָיאַבער ד. י. אַן אַלפאַרבאַנדישן כאָוועטן-צוזאַמענפאָר
צו באַטראַכטן זי, און דעם פראָיעקט פון דער קאָנסטיטוציע פובליקירן פאַר דער
פאָלקישער באַהאַנדלונג.

מיליאָנען ארבעטנדיקע פון אונדזער לאַנד האָבן זיך שוין באַקאַנט מיטן טעקסט
דער קאָנסטיטוציע. מיט א געפיל פון דעם גרעכטן שטאָלץ פאַר זייער היימלאַנד,
זייער רומפולער באָלשעוויסטישער פארטיי לייענען זיי זיך אַײַן אין די סטאַלינישע
שטער פון דער קאָנסטיטוציע, מיטן סייכל און מיטן הארצן שפירן זיי א פרייד פאַר די
סאַרטיקע זיגן און גראַנדיעזע אַנטוויקלונג־פערספעקטיוון פון סאָציאַליזם און פונעם
סאָוועטישן פאָלק.

מיט א מעכטיקן אָטעם פון עכטער פרײַהײַט באַהויכט די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע
דעם זיגרײַכן סאָציאַליזם די גאַנצע וועלט. הונדערטער מיליאָנען אונטערדריקטע מענטשן
פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט זעען אין די פּײַערדיקע ווערטער פון דער נײַער
קאָנסטיטוציע, מיט וואָס עס איז באַקרוינט געוואָרן דער גיגאַנטישער קאַמף
פונעם ארבעטער־קלאַס, וועלכער ווערט אָנגעפירט דורך דער פארטיי פון לענין־סטאַלין,
שעפּן אין זיי רעוואָלוציאָנערע קראַפט אַפ צו אויסקעמפן די גרויסע אידעאַלן פון
מענטשהײַט, וואָס זײַנען פאַרווירקלעכט געוואָרן אינעם לאַנד פון די סאָוועטן.

שוינ דער פעווראַל־פּלענומ פונ צק אלקפּ(ב) אינ 1935 י. האָט, לויט דער איניציאַטיוו פונ כאַווער סטאַלינ, אָנגענומענ א באַשלוס וועגנ דער נייטיקייט פונ אייניקע ענדערונגענ אינ דער קאָנסטיטוציע פונ פאַרבאַנד ססר. דער דאָזיקער באַשלוס פונ פּלענומ פונ צק איז אַרײַנגעטראָגנ געוואָרנ אפ דער באַהאַנדלונג פונ 7־טנ סאָוועטנ־צוזאַמענפאָר פונ פאַרבאַנד ססר. דער צוזאַמענפאָר, האַלטנדיק פאַר פולקאָמ ריכטיק אונ באַצײַטנס דעמ פאָרשלאָג פונ צק אלקפּ(ב), האָט באַשטימט:

„אַרײַנטראָגנ אינ דער קאָנסטיטוציע פונ פאַרבאַנד ססר ענדערונגענ אינ דער ריכטונג:

א) פונ ווײַטערדיקער דעמאָקראַטיזאַציע פונ דער וואַל־סיסטעמ אינ זינ פונ פאַרבײַטנ די ניט פולקאָמ גלײַכע וואַלנ אפ גלײַכע, די פיל שטופיקע—אפ דירעקטע, די אָפענע—אפ פאַרמאַכטע.

ב) פונ פאַרפּינקטלעכנ דעמ סאָציאַל־עקאָנאָמישנ יעסאָד פונ דער קאָנסטיטוציע אינ זינ פונ ברענגענ די קאָנסטיטוציע אינ העסקעמ מיט דער איצטיקער פאַרהעלטעניש פונ די קלאַסנ־קויכעס אינ ססר (דאָס שאַפנ די נײַע סאָציאַליסטישע אינדוסטריע, דאָס צעשמעטערנ דעמ באַלעגופּנטומ, דער זיג פונ דער קאָלווירטישער אָרדענונג, די פאַרפעסטיקונג פונ סאָציאַליסטישנ אייגנטומ, אַלס יעסאָד פונ דער סאָוועטישער געזעלשאַפט א. ד. גל.)".

די דאָזיקע קאַרדינאַלע עקאָנאָמישע אונ קלאַסאָווע ענדערונגענ אינ דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג האָבנ געפונענ א פולקאָמע אָפּשפּיגלונג אינעמ פּובליקירטנ פּראָיעקט פונ דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט מיט גאָלדענע שורעס פאַרשריבנ דעמ גרונט־געזעצ פונעמ אײַנאָרדענענ די סאָציאַליסטישע מעלוכע פונ די אַרבעטער אונ פּויערימ.

פונ יענער צײַט, זינט עס איז באַשטעטיקט געוואָרנ די ערשטע פאַרבאַנדישע קאָנסטיטוציע אינ 1924 י., איז אונדזער לאַנד דורכגעגאַנגענ א ביז גאָר רײַכנ, מיט די גרעסטע היסטאָרישע געשעענישנ אָנגעזעטיקטנ, וועג אונ האָט דערגרייכט גראַנדיעזע זיגנ.

דורכ אקשאָנעסדיקער, אײַנגעשפּאַרטער, אָרגאַניזאַציאָנעלער אונ דערציִערישער אַרבעט, אינ פאַרביסענעמ גראַנגל מיטנ קלאַסנ־סוינע, האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי געבראַכט דעמ אַרבעטער־קלאַס פונ ססר אינעמ קירצסטנ היסטאָרישנ טערמינ צומ ענדגילטיקנ אונ אומצוריקקערבאַרנ זיג פונ סאָציאַליזמ סײַ אינ שטאָט, סײַ אינ דאָרף. ווײניקער ווי אינ 13 יאָר זײַנענ אויסגעפילט געוואָרנ די אויפגאַבעס פונ איבערמאַכנ אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ דאָס פּאָנעמ פונ ראַכוועסדיקנ לאַנד, זײַנ עקאָנאָמישע ווירטשאַפט־פאָרמאַציע אונ סאָציאַלע סטרוקטור, אויפגאַבעס, וואָס זײַנענ ניט געזענ געוואָרנ אינ דער געשיכטע לויט זייער ברייט אונ פאַרנעמ.

אינ יענער צײַט, ווענ עס איז אָנגענומענ געוואָרנ די ערשטע קאָנסטיטוציע פונ פאַרבאַנד ססר, איז די סאָוועטישע אינדוסטריע געווענ שוואַכ אַנטוויקלט אונ האָט ניט דערגרייכט אפילע דעמ ביזמילכאָמעדיקנ ניוואָ פונ דער פּראָדוקציע; ס'האָט זיכ נאָכ אַלצ געלאָזט פילנ די ווירקונג פונעמ כורבנ—אינ רעזולטאַט פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אונ פונ בירגער־קריג. דאָס דאָרף האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט אנ אָקעאַנ פונ קליינע אינדיווידועלע ווירטשאַפטנ, וואָס זײַנענ פּייִק צו געבוירנ דעמ קאַפּיטאַליזמ.

ז׳אָס באַלעגופנטום—דער דאָזיקער סאַמע פּילצאָליקער, סאַמע כאַיִשער און אַקשאָנעסדיקער עקספּלואַטאַטאָרישער קלאַס—איז נאָך געווען אין דאָרף עקאָנאָמיש מעכטיק. אַ קענטיקע קראַפט איז געווען אויך די נעפּמאַנישע בורזשואַזיע אין שטאָט. די פראַגע „ווער וועמען" איז דאַן געשטאַנען אין דער גאַנצער שאַרפקייט. דער טראָצקיזם האָט ווילד געקעמפט קעגן דער פּאַרטיי, פרוּווּנדיק צו דערווייַזן די אוממעגלעכקייט, אַז דער סאָציאַליזם זאָל זיגן אין אונדזער לאַנד. אין אַלע געביטן פון לעבן האָבן זיך געלאָזט פילן די רעזולטאַטן פון די אָנגעשטרענגטע יאָרן פון קאַמף, ניט אַף לעבן, נאָר אַף טויט, קעגן דער אינערלעכער און צווישנפעלקערלעכער קאָנטר-רעוואָליוציע פאַר אַ רעפּובליק פון אַרבעט.

באַגייַסטערט מיט סטאַלינס געני און ווילן, האָט דער אַרבעטער־קלאַס, אונטער דער אָנפירונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, צעשמעטערט די קאָנטר-רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטן און זינאָוויעוועס, צעשמעטערט די רעכטע אָפּאָרטוניסטן און געבראַכט דאָס לאַנד צו איבעראַשנדיקע זיגן. אין דער פאָלקווירטשאַפט פון פּססר, וואָס איז נאָך גאָר ניט לאַנג באַשטאַנען פון פאַרשיידענע עקאָנאָמישע ווירטשאַפט-פאָרמאַציעס, הערשט איצט אומבאַגרענעצט די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט־סיסטעם.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די סאָוועטנמאַכט האָבן געשאַפן אַ מעכטיקע און רײַכע אינדוסטריִעלע סאָציאַליסטישע מעלוכע, וואָס איז באַוואָפנט מיט דער פאָרגעשריטענער טעכניק, וואָס איז אומבאַזיגבאַר אין שוץ־הינזיכט. די פריִער אָפּגעשטאַנענע לאַנדווירטשאַפט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער גרעסטער סאָציאַליסטישער ערד־אַרבעט אין דער וועלט. עס זײַנען אויסגעכאָוועט און אויפגעהויבן געוואָרן צום אַקטיוון און שעפערישן לעבן מיליאָנען אַרבעטנדיקע, שטאָלצע און דרייסטע מענטשן, הייסע סאָוועטישע פּאַטריאָטן, וואָס ליבן זייער היימלאַנד און זײַנען אוממענדלעך געטרײַ דער פּאַרטיי און דער רעגירונג.

אינעם רעוואָליוציאָנערן שטראָם פון דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג אַף די סאָציאַליסטישע פאַבריקן, זאַוואָדן, אין די קאָלווירטן און סאָווירטן, אינעם ניט געצוימטן דורשט נאָך קענטעניש און קולטור רײַסן זיך אַרויס אין דרויסן גיגאַנטישע קויכעס, וואָס באַשטעטיקן אינעם אַלפאָלקישן אויפשטײַג דאָס פריידיקע טריִומפירנדיקע לעבן, דעם אויפבלי פון דער קולטור, די פולשטענדיקע פרײַהייט, וואָס גיט אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון אַנטוויקלונג פאַר יעדן ערלעכן בירגער פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט.

„יענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע מיר האָבן געשאַפן, קאָן אָנגערופן ווערן סאָוועטישע, סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז נאָך ניט פולקאָם דערבויט, איז אָבער אין איר גרונט אַ סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט. דער יעסאָד פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז דאָס געזעלשאַפטלעכע אייגנטום: דאָס מעלוכישע, דאָס הייסט, דאָס אַלפאָלקישע, און אויך דאָס קאָאָפּעראַטיוו־קאָלווירטישע אייגנטום" (סטאַלין).

אין אונדזער לאַנד זײַנען אַף שטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן: די פריצים, די קאַפּיטאַליסטן און דאָס באַלעגופנטום. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ נײַע מענטשלעכע געזעלשאַפט, ווו עס זײַנען ניטאָ קיין עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן און ס קומט פאָר דערפאָלגרײַך אַ פּראָצעס פון ליקווידירן די קלאַסן ביכלאַל. דער אויפבלי ון דער פאָלקווירטשאַפט, דער שטורמישער וווּקס פונעם וווילשטאַנד פון די אַרבעטנ־

דיקע, די אנטוויקלונג און פאַרפעסטיקונג פון סאָציאַליסטישן אייגנטום, דער אופבלי פון דער וויסנשאַפט, קונסט און פון דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע שאַפן באַדינגונגען פון פריידיקער אַרבעט און פון אַ וווּנדערלעכ, פילפאַרביק לעבן פאַרן גאַנצן פאָלק פון פּסס״ר. „לעבן איז געוואָרן בעסער, כאַווייִרים, לעבן איז געוואָרן פריילעכער״ (סטאַלין).

אין דער דאָזיקער ביז גאָר גרויסער שעפערישער אַרבעט ווערן איבערגעמאַכט און איבערדערצויגן אויך די גרונט־קלאַסן פונעם איבערגאַנג־פּעריאָד — דער אַרבעטער־קלאַס און דאָס פּויערטום.

אויסקעמפנדיק אין די שלאַכטן פון דער גרויסער אָקטיאַבערישער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע די מעלוכישע מאַכט, פירט אָן דער אַרבעטער־קלאַס פון פּסס״ר מיטן גאַנצן גאַנג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. דער סאָוועטישער אַרבעטער־קלאַס איז ניט קיין פּראָלעטאַריאַט אין פריִערדיקן זין פון וואָרט: פון אַ קלאַס אַן עקספּלואַטירטן, וואָס אַזאַ איז דער פּראָלעטאַריאַט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, איז דער אַרבעטער־קלאַס פון פּסס״ר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלאַס אַ הערשנדיקן, פון אַ קלאַס, בא וועלכן עס זיינען געווען אָפּגענומען די פּראָדוציר־מיטלען, איז ער געוואָרן דער שעפער פון געזעלשאַפטלעכן אַלפאָלקישן אייגנטום, פון אַ קלאַס, וואָס איז באַם קאַפּיטאַליזם, פאַרורטיילט צו אַרבעטלאָזיקייט און דאַלעס, האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקער אַרמיי פרייע האָרעפּאַשניקעס, וואָס באַנוצן זיך מיט די ווילקייטן פון אַ פאַרמעגלעך און קולטורעלן לעבן, פאַר וועמען עס זיינען אָפן די טירן און עס זיינען געשאַפן געוואָרן אַלע מעגלעכקייטן צו באַקומען בילדונג. אין דער סאָציאַליסטישער מעלוכע פון אַרבעטער און פּויערים ווערט דערפאָלגרייך אָפּגעווישט דער דוירעסדיקער קעגנזאַץ צווישן דער פיזישער און דער אינטעלעקטועלער אַרבעט.

אויספילנדיק די אַוואַנגאַרד־ראָליע אין געביט פון ליקווידירן די קלאַסן, מאַכט איבער דער אַרבעטער-קלאַס פון פאַרבאַנד סס״ר אויך זיין אייגענע נאַטור, אינעם פייער פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף באַפרייט ער זיך פון די געבורטס־פלעקן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אויסשמירנדיק אין זיך דעם קאָמוניסטישן באַוווּסטזיין. נאָך מאַרקס און ענגעלס האָבן אין דער „דייטשישער אידעאָלאָגיע״ אָנגעוויזן:

„...ווי פאַר דער מאַסאָווער אַנטשטייונג פון דעם דאָזיקן קאָמוניסטישן באַוווּסטזיין, אַזוי אויך אָפּ צו דערגרייכן דעם ציל גופא איז נייטיק אַ מאַסן-פאַרענדערונג פון די מענטשן, וואָס איז מעגלעך בלויז אין דער פּראַקטישער באַוועגונג, אין אַ *רעוואָליוציע*. אַלזאָ, אַ רעוואָליוציע איז נייטיק ניט נאָר דערפאַר, ווייל מיט קיין אַנדער מיטל איז ניט מעגלעך אַראָפּצוּוואַרפן דעם *הערשנדיקן* קלאַס, נאָר אויך דערפאַר, ווייל דער *אַראָפּוואַרפנדיקער* קלאַס קאָן נאָר אין אַ רעוואָליוציע זיך באַפרייען פון דער גאַנצער אַלטער העסלעכקייט און ווערן פייִק צו שאַפן אַ נייע געזעלשאַפט״.

אונדזער סאָוועטיש פּויערטום האָט אופגעהערט צו זיין אַ קלאַס פון קליינע סכוירע־פּראָדוצירער, וואָס האָבן בעדינט אַלס נער-באָדן פאַרן וווּקס פון קאַפּיטאַליזם. האַנט בא האַנט מיטן אַרבעטער־קלאַס, אונטער דער אָנפירונג פון אַרבעטער־קלאַס, פאַרפעסטיקט דאָס קאָלווירטישע פּויערטום די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, פאַרמערט די רייכקייט און

מעכטיקייט פון זיין היימלאַנד, באַטייליקט זיך אין דער אַלגעמיינער אַרבעט צו פאַרניכטן דעם קעגנזאַץ צווישן שטאָט און דאָרף.

אונדזער נייע סאָוועטישע אינטעליגענץ, וואָס איז אַרויס פון די רייען פון די אַרבעטער און קאָלווירטניקעס, איז אומענדלעך געטריי דער סאָוועטנמאַכט. די סאָוועטישע געלערנטע, אינזשעניערן און טעכניקער באַוועגן פאָרויס די וויסנשאַפט, דעם טעכנישן געדאַנק, באַטייליקנדיק זיך אַקטיוו אין דער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע פון דער גאַנצער פאָלקווירטשאַפט פון ססר. ס'איז בעעמעס געקומען די צייט, וועגן וועלכער מאַרקס האָט געזאָגט: „די וויסנשאַפט קאָן אויספילן איר עמעסע ראָליע בלויז אין אַ רעפּובליק פון אַרבעט".

די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן זיינען אין ססר ענדגילטיק פאַרניכטעט. „אונדזער געזעלשאַפט באַשטייט אויסשליסלעך פון פרייע האָרעפּאַשניקעס פון שטאָט און דאָרף — אַרבעטער, פּויערים, אינטעליגענץ" (סטאַלין). די גרענעצן צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס און דעם פּויערטום ווערן אָפּגעווישט. עס איז שוין ניטאָ דער פריערדיקער קאַרדינאַלער אונטערשייד צווישן דעם פּויער, וואָס איז איצט געוואָרן אַ קאָלווירטניק, און דעם אַרבעטער. אָבער מיר זיינען נאָך ווייט פון דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון די קלאַסן. די רעשטלעך פון די קלאַסן־אונטערשיידן צווישן די אַרבעטער און קאָלווירטניקעס עקזיסטירן נאָך, אַף וויפל עס עקזיסטירן צוויי פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן, סאָציאַליסטישן אייגנטום, — דאָס מעלוכישע, ד. ה. דאָס אַלפאָלקישע, און דאָס קאָאָפּעראַטיוו־קאָלווירטישע, אַף וויפל עס זיינען נאָך פאַראַן אונטערשיידן אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט, אינעם באַקומען האַכנאָסעס אַף די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און אין קאָלווירטס, אַן אונטערשייד אין דער אָרגאַניזירטקייט און אינעם קולטורעלן ניוואָ צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס און דעם קאָלווירטישן פּויערטום. מיר דאַרפן אָפּגעבן זיך אַ רעכענונג אין דעם, אַז כאָטש עס זיינען געמאַכט געוואָרן אַנטשיידנדיקע טריט אַף ליקווידירן די קלאַסן אין אונדזער לאַנד, אָבער דער פּראָצעס פון פאַרניכטן די קלאַסן איז נאָך ניט פאַרענדיקט, ער דויערט נאָך.

דער סאָוועטנפאַרבאַנד איז איצט אַריינגעטראָטן אין אַזאַ פעריאָד פון אַנטוויקלונג, ווען אין רעזולטאַט פון די ביגאַנטישע אָנשטרענגונגען פונעם אַרבעטער־קלאַס און פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי קומט פאָר אַ גרויסער פּראָצעס פון אָפּווישן די גרענעצן צווישן די קלאַסן, ווען דער אומבאַגרענעצט־הערשנדיקער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק אַנטשפּרעכט די ניט געוואַקלטע אייניקייט פון סאָוועטישן פאָלק. די דאָזיקע טיפסטע איבערוקן, וואָס זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער גרויסער סטאַלינישער עפּאָכע, האָבן געבראַכט צו דער נייטיקייט פאַרבייטן דעם פריערדיקן נאָמען סאָוועטן פון אַרבעטער, פּויערים־און רויטאַרמייער־דעפּוטאַטן אַף סאָוועטן פון דעפּוטאַטן פון די אַרבעטנדיקע. אין דער דאָזיקער פאָרמול איז אויסגעדריקט דער טיפסטער זין פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אונדזער לאַנד. פאַר דער גאַנצער וועלט ווערט דעמאָנסטרירט די פולקאָמע פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג ון די אַרבעטער, פּויערים און אינטעליגענץ אין ססר.

די לעניניש־סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָט געזיכערט די גרעסטע עקאָנאָמישע ון קולטורעלע ענדערונגען אינעם לעבן פון אַלע פעלקער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. די ינדוסטריאַליזאַציע פון די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן און געגנטן, דער זיג פון דער קאָלירטישער אָרדענונג, דער אויפבלי פון דער קולטור, וואָס איז נאַציאָנאַל לויט דער

פאָרמ און סאָציאַליסטיש לויטנ אינהאַלט,—האָבנ באַזײַטיקט די אַמאָליקע אָפּגעשטאַנענקײַט פונ די אַזױגערופענע נאַציאָנאַלע ראַנד־לענדער. די סטאַלינישע פּאָליטיק פונ פרײַנטשאַפט און ברידערלעכקײַט צווישנ די פעלקער פונ אונדזער לאַנד האָט זיי פאַרוואַנדלט אינ ווירקלעכ גלײַכע און פרײַע פעלקער. דאָס אַלץ האָט געפונענ אַנ אָפּשפּיגלונג אינעמ פּראָיעקט פונ דער נײַער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע.

אינ רעזולטאַט פונ דערפאָלגרײַכ דורכפירנ אינ לעבנ די לענינ־ס־טאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָט זיכ ראַדיקאַל געענדערט די לאַגע פונ די נאַציאָנאַליטעטנ אינ סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס צעשמעטערנ די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייענ, די נאַציאָנאַל-אָפּנויגלער, די טראָצקיסטנ, די רעכטע אָפּנויגלער, האָט געעפנט אַ ברייטע מעגלעכקײַט פאַרנ אַקטיוונ אָנטייל פונ אַלע פעלקער פונעמ סאָציאַליסטישנ לאַנד אינ דער ווירטשאַפטלעכער, קולטורעלער און מעלוכישער אײַנאָרדענונג פונעמ אייגענעמ לעבנ. די אינטערנאַציאָנאַלע דערציִונג פונ די מאַסנ, דאָס שאַפנ און פאַרפעסטיקנ די ניט געוואַקלטע פעלקער־פרײַנטשאַפט, דער וווּקס פונ די נאַציאָנאַלע קאַדרענ אינ אַלע געביטנ פונ דער מענטשלעכער טעטיקײַט, די ברידערלעכע הילפ די נאַציאָנאַלע רעפּובליקנ מיצאַר דעמ פססר האָבנ געמאַכט פאַר מעגלעכ צו ליקווידירנ די טראַנסקאַווקאַזער זספסר און דאָס אַרײַנגייִנ פונ די רעפּובליקנ פונ טראַנסקאַווקאַז: גרוזיע, אַרמעניע, אַזערביידזשאַנ דירעקט אינעמ פאַרבאַנד ססר. אינעמ פּראָיעקט פונ דער נײַער קאָנסטיטוציע גייענ אַרײַנ די דאָזיקע רעפּובליקנ פונ טראַנסקאַווקאַז, ווי אויכ די קאַזאַכישע און די קירגיזישע רעפּובליק, דירעקט אינ דער גרויסער פאַרבאַנדישער מעלוכע—אינעמ פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקנ. אַ ריי אויטאָנאָמע געגנטנ ווערנ פאַרוואַנדלט אינ אויטאָנאָמע רעפּובליקנ.

אָנשטאָט די פריִערדיקע 7 פאַרבאַנדישע רעפּובליקנ בילדנ איצט 11 דעמ געשטערנ פונ דער אומבאַזיגבאַרער סאָציאַליסטישער מעלוכע פונ אַרבעטער און פּויערימ.

אינעמ סאָציאַליסטישנ לאַנד איז צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט פאַרווירקלעכט געוואָרנ, אומאָפּהענגיק פונ דער ראַסע, נאַציע און געשלעכט דאָס רעכט אַפ אַרבעט, דאָס רעכט אַפ אָפּרו, דאָס רעכט אַנ בילדונג. ווײַל אינ פססר איז אַפּ שטענדיק פאַרשוווּנדנ די אַרבעטלאָזיקײַט, ס'איז אײַנגעפירט געוואָרנ דער קירצסטער אַרבעטס־טאָג אינ דער וועלט, און פאַר אַלע בירגער איז געגעבנ געוואָרנ די פולשטענדיקע מעגלעכקײַט פונ מעלוכישער בילדונג.

פונ אַזוינע בײַשפּילנ האָט ניט געוווּסט אונ ניט געקאָנט וויסנ ביז איצט די געשיכטע פונ דער מענטשהײַט. דאָס האָט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערנ בלויז נאָכ דעמ, ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַראָפּגעוואָרפנ די מאַכט פונ דער בורזשואַזיע, האָט דערשטיקט עקספּלואַטאַטאָרס, און נאָכ דער גרעסטער היסטאָרישער אַרבעט צו אָרגאַניזירנ אָנקלאַססלאָזע געזעלשאַפט. מע קאָנ אָנ טיפער גערירטקײַט ניט לייענענ דעמ קאַפּיטל פונ דער קאָנסטיטוציע „די גרונט־רעכט און פליכט פונ די בירגער״. דער טריִומפ פונ סאָציאַליזמ איז דאָ אָפּגעשפּיגלט אינ זײַנ גאַנצער גרויסאַרטיקײַט.

מיטנ סאָציאַליסטישנ הומאַניזמ פונ דער סטאַלינישער עפּאָכע, ווו עס ווערנ מיט ליבע געכאָוועט קאַדרענ, מיט דער זאָרגזאַמקײַט וועגנ דער ווירדע פונעמ מענטשנ אָטעמט יעדער שורע פונ דעמ דאָזיקנ קאַפּיטל. די נײַע קאָנסטיטוציע זיכערט אַ פרײליכטיק לעבנ פאַרנ בירגער פונ פססר: די קינדהײַט, יוגנט, דער רײַפער עלטער און עלטקײַט ווערנ זאָרגזאַמ אָפּגעהיט און באַוואָרנט דורכ דער מעלוכע פונ סאָציאַליזמ.

מעלוכע היט אָפּ די אינטערעסנ פונ דער מוטער און פונ קינד, זיכערט דאָס רעכט אַפּ אומזיסטע בילדונג, דאָס רעכט אַפּ גאַראַנטירטע ארבעט, דאָס רעכט אַפּ אָפּרו אַפּ דער באַזע פונעם קירצסטנ ארבעטס־טאָג אינ דער וועלט, מעלוכישע מעדיצינישע הילפ, היילונג אַפּ קוראָרטנ און אינ אָפּרו־הײַזער. ס'איז פאַרווירקלעכט געוואָרנ דאָס רעכט אַפּ מאַטע־ריעלער באַזאָרגונג אַפּ דער עלטער, אַפּ סאָציאַלער סטראַכירונג אינ פאַל פונ קראַנק ווערנ און פונ פאַרלירנ די ארבעטספייִקײַט. דער וווּלשטאַנד פונ מענטשנ, די זאָרג וועגנ דעם מענטשנ מיצאַד דער מעלוכע זײַנענ מיט אַ באַזונדער קראַפט אָפּגעשפיגלט אינ דער נײַער קאָנסטיטוציע.

„דער פרוי אינ פססר ווערנ געגעבנ גלײַכע רעכט מיטנ מאַנצביל אינ אַלע געביטנ פונ ווירטשאַפטלעכנ, מעלוכישנ, קולטורעלנ און געזעלשאַפטלעכ־פּאָליטישנ לעבנ״,—ווערט געזאָגט אינ ארטיקל 122 פונ דער קאָנסטיטוציע. יאָ, עס האָט מיט וואָס צו שטאָלצירנ דאָס סאָוועטישע פאָלק, וואָס פאַרקערפּערט אינ לעבנ דאָס, צוליב וואָס עס לײַדנ און קעמפנ די פעלקער פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער! דער טריומפ פונ סאָציאַליזמ, זײַנ פולשטענדיקע און אומבאַגרענעצטע הערשאַפט אינ דער גאַנצער פאָלקווירטשאַפט פונ פאַרבאַנד ססר, די פאַרפעסטיקונג און אַנטוויקלונג פונ סאָציאַליסטישנ אייגנטומ, די ליקווידאַציע פונ די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסנ, די ליקווידאַציע פונעם דאַלעס און ארבעט־לאָזיקײַט—דאָס אַלצ האָט געשאַפנ אַ גרונט פאַר דער מעגלעכקײַט צו גאַראַנטירנ די ארבעטנדיקע פונ אונדזער פרעכטיקנ היימלאַנד פרײַהײַט פונ וואָרט, פרײַהײַט פונ פרעסע, פרײַהײַט פונ פאַרזאַמלונגענ און מיטינגענ, פרײַהײַט פונ גאַסנ־פּראָצעסיעס און דעמאָנ־סטראַציעס, די אומבאַרירלעכקײַט פונ דער פּערזענלעכקײַט און פונ דער וווינונג. אינ די גאָזיקע נײַע געזעצנ, פונ וועלכע עס האָט ניט געוווּסט און עס קאָנ ניט וויסנ קיינ קיינ קאָנסטיטוציע פונ דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, איז אָפּגעשפיגלט די נײַע גרויסע נפאָכע פונעם ווירקלעכ פרײַענ פאַרמעגלעכנ און הויכקולטורעלנ לעבנ פונ סאָוועטישנ פאָלק.

„עכטע פרײַהײַט איז פאַראַנ בלויז דאָרטנ, ווו עס איז פאַרניכטעט די עקס־פּלואַטאַציע, ווו עס איז ניטאָ קיינ אונטערדריקונג פונ איינע מענטשנ דורכ אַנ־דערע, ווו עס איז ניטאָ קיינ ארבעטלאָזיקײַט און קיינ דאַלעס, ווו דער מענטש ציטערט ניט פאַר דעמ, אַז מאָרגנ קאָנ ער פאַרלירנ די ארבעט, די וווינונג, דאָס ברויט. בלויז אינ אַזאַ געזעלשאַפט איז מעגלעכ אַנ עמעסע, ניט קיינ פּאַפּירענע, פּערזענלעכע און יעטווידער אַנדערע פרײַהײַט״ (סטאַלינ).

די פאַרברייטערונג פונ דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע דרינגט אַרויס פונ די דאָזיקע ...ע דעראָבערונגענ פונעם סאָוועטישנ פאָלק. לויט דער נײַער קאָנסטיטוציע, וועלנ די ...לנ זײַנ אַלגעמיינע, און אַלע בירגער, אויסער מעשוגאָיִמ און אַזוינע, וואָס האָבנ ניט ...ג וואַלרעכט לויטנ געריכט, וועלנ האָבנ רעכט צו וויילנ און אויסגעווײַלט צו ווערנ. די ראַסע, ניט די נאַציע־אָנגעהעריקײַט, ניט דער גלויבנ, דער בילדונג־צענז, ניט די ...בגעזעסנקײַט, סאָציאַלע אָפּשטאַמונג, פאַרמעגנ־לאַגע און פאַריקע טעטיקײַט קאָנענ ניט ...נ פאַר אַ שטערונג, ווי דאָס איז איצט אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַפּ צו ...צנ זיכ מיטנ אַקטיוונ און פּאַסיוונ וואַלרעכט. די סאָוועטישע מענטשנ וועלנ האָבנ די ...ג פרײַהײַט צו שטימענ פאַר יענע, וועמענ זיי טרויענ אָנ, און וויילנ אומיטלבאַר אַלע ...אָנענ, וואָס פירנ אָנ מיטנ לאַנד פונ אונטנ ביז אויבנ.

ס'איז ניטאָ קיינ גרעסערער קאָוועד, ווי דער קאָוועד, צו זײַנ א בירגער פונ סאָציִאַליסטישנ פאָטערלאנד, א בירגער פונ פססר! אונדזער גאנצ לעבנ דארפ זײַנ געווענדעט צום פארפעסטיקנ אונדזער היימלאנד, צו פינקטלעכ אויספילנ זײַנע געזעצנ, צו אָפּהיטנ די שטרענגסטע דיסציפּלינ. מע טאָר ניט פארגעסנ, אז מיר לעבנ אונ ארבעטנ אינ דער ארומרינגלונג פונ דער קאפּיטאליסטישער וועלט, וואָס איז אונדז פײַנטלעכ, מיר דארפנ דעמאַסקירנ אונ פארניכטנ אלע סאָנים פונ פאָלק, אלעמענ, וואָס פארמעסטנ זיכ אפנ הייליקנ אונ אומבארירלעכנ סאָציִאַליסטישנ אייגנטומ—דעם דאָזיקנ קוואל פונ דער רײַכקײַט אונ מעכטיקײַט פונ אונדזער כערקווירדיקנ היימלאנד. דער שווערסטער פארברעכנ קעגנ ארבעטער-קלאס, קעגנ דער צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע איז אזא מערדערײַ, ווי דאָס פאראטנ דעם היימלאנד, אָדער אָנטאָנ שאָדנ דער מיליטערישער מעכטיקײַט פונ דער מעלוכע. דער סאָציִאַליסטישער הומאניזמ, אונדזער זיגרײַכע באוועגונג פאָרויס באטײַטנ גאָרניט קיינ נאָכגיביקײַט צו די סאָנים פונ פאָלק: צו די, וואָס צערויבנ דאָס געזעלשאפטלעכע אייגנטומ, צו דיווערסאנטנ, שפּיאָנענ, קאָנטר-רעוואָליוציִאָנערנ. ניינ! די אָנראכמאָנעסדיקע שטראָפנדיקע האנט פונ דער סאָציִאַליסטישער מעלוכע פונ ארבעטער אונ פויערים דארפ פארניכטנ מיטנ ווארצל אלע פרוּוונ צו שטערנ דעם אופבלי פונעם פאָלק פונ פססר.

די נײַע סטאלינישע סאָוועטישע קאָנסטיטוציע איז ניט קיינ פּראָגראם, וועלכע מע דארפ נאָכ ערשט אויספילנ. אינ איר איז פארשריבנ דאָס, וואָס עס איז שוינ פארווירקלעכט געוואָרנ פעסט, ניט געוואקלט אונ אפ שטענדיק. די נײַע סאָוועטישע קאָנסטיטוציע וועט זײַנ דאָס גרעסטע געווער אינ די הענט פונעם צווישנפעלקערלעכנ פּראָלעטאריאט אונ פונ די אונטערגעדריקטע נאציעס, ווײַל זי באווײַזט, אז נאָר די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע קאָנ געבנ די ארבעטנדיקע פונ אלע ראסנ אונ נאציִאָנאליטעטנ עמעסע פרײַהײַט, עכטע דעמאָקראטיע, אנ אומבאגרענעצטנ אופבלי פונ אלע פייִקײַטנ פונעם מענטשנ.

די ארבעטנדיקע אונ אונטערדריקטע פונ דער גאנצער וועלט זעענ אינ אונדזער לאנד א לײַכט-טורעם פונ גליק, זייער איינציקנ היימלאנד. די סטאלינישע קאָנסטיטוציע פונ פארבאנד ססר וועט באגײַסטערנ מיט נײַע קויכעס אינעם רעוואָליוציִאָנערנ קאמפ פאר דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט די ארבעטער אונ די ארבעטנדיקע פונ אנדערע לענדער.

עס פארשטארקט זיכ די ראָליע פונ פארבאנד ססר, אלס מעכטיקע באזע פונ דער אלוועלטלעכער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אינ דער ברייט-פאנאנדערגעוויקלטער אלפאָלקישער באהאנדלונג פונעם פּראָיעקט פונ דער נײַער קאָנסטיטוציע דריקנ אויס די פרײַע האָרעפאשניקעס פונ אונדזער לאנד זייער הייסע ליבע צום באגײַסטערער אונ שעפער פונ דעם דאָזיקנ היסטאָרישנ דאָקומענט, צו זייער געניִאלנ פירער—כאווער סטאלינ. יעדער ארבעטנדיקער פונ אונדזער גרויסנ היימלאנד דארפ דורכפילנ דעם דאָזיקנ דאָקומענט, וואָס גיסט ארײַנ נײַע קויכעס צום זעלבסטאָפּפערדיקנ קאמפ פארנ קאָמוניזם.

***

דער עקאָנאָמישער אונ קולטורעלער אופשטײַג פונ אונדזער לאנד, וואָס איז ניט געזענ געוואָרנ אינ דער געשיכטע, די גרעסטע רעוואָליוציִאָנערע ענדערונגענ אינ דער עקאָנאָמיק, די ענדערונגענ אינ דער פארהעלטעניש פונ די קלאסנ-קויכעס, דער אופבלי

פונ דער קולטור, וואָס האָבנ געפונענ זייער בוילעטע אָפשפיגלונג אינ דער גרויסער סטאלינישער קאָנסטיטוציע, זײַנענ געזיכערט דורכ דער באהעפטיקײַט אונ דיסציפלינירטקײַט, דורכ דער אייניקײַט פונעמ ווילנ אונ טאט פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי.

ס'איז נייטיק אונטערצושטרײַכנ מיט דער גאנצער קראפט, אז די נײַע קאָנסטיטוציע העכערט אינ פיל מאָל די ראָליע פונ דער פארטיי אינ דער מעלוכישער בויונג, פארגרעסערט די פאראנטוואָרטלעכקײַט פונ יעדער פארטיי־אָרגאניזאציע, פונ יעדער באָלשעוויק פאר ריכטיק דורכפירנ אינ לעבנ די נײַע סטאלינישע קאָנסטיטוציע. די אוואנגארד־ראָליע פונ דער פארטיי וועט זיכ פארשטארקנ, ווײַל לויט דעמ, ווי עס אנטוויקלט זיכ די סאָציאליסטישע געזעלשאפט אונ עס ווערנ צוגעגרייט באדינגונגענ פארנ אריבערגיינ צומ קאָמוניזמ, פארברייטערט זיכ אלצ מערער דער קרײַז פונ די קאָמפליצירטסטע אופגאבעס, וואָס שטייענ פאר אונדז.

אנ אויסשליסלעכ וויכטיקע פאָרמולירונג פונ דער ראָליע אונ אופגאבעס פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אינ דער עפּאָכע פונעמ קאמפ פארנ קאָמוניזמ גיט די גרויסע סטאלינישע קאָנסטיטוציע:

"... די אמערסטנ אקטיווע אונ באוווסטזיניקע בירגער פונ די רייענ פונעמ ארבעטער־קלאס אונ פונ אנדערע שיכטנ פונ די ארבעטנדיקע פארייניקנ זיכ אינ דער קאָמוניסטישער פארטיי פונ פססר, וואָס איז דער פאָרגעשריטענער אָטריאד פונ די ארבעטנדיקע אינ זייער קאמפ פאר פארפעסטיקנ אונ אנטוויקלענ די סאָציאליסטישע אָרדענונג אונ וואָס שטעלט פאָר דעמ אָנפירנדיקנ יאָדער פונ אלע אָרגאניזאציעס פונ די ארבעטנדיקע, סײַ פונ די געזעלשאפטלעכע, סײַ פונ די מעלוכישע".
(ארטיקל 126).

פאר יעדנ באָלשעוויק שטייט איצט, ווי קיינמאָל ניט, די פראגע פונ באהערשנ די וויסנשאפט פונ אלע וויסנשאפטנ — די לערע פונ מארקס־ענגעלס־לענינ־סטאלינ, דאָס דערלערנענ אפנ טיפסטנ אויפנ דעמ מארקסיזמ־לעניניזמ. דער וווקס פונ דעמ אידייִש־פּאָליטישנ ניוואָ פארגרעסערט די שלאכט־פײַיקײַט פונ די פארטיי־רייענ, העלפט פאנאנדערקלײַבנ זיכ אינ דער קאָמפליצירטסטער אומגעבונג פונ אונדזער בויונג אינ דער ארומרינגלונג פונ דער קאפיטאליסטישער וועלט, ארבעט אויס א שארפנ קלאסנ־כוש אונ אנ אומקאָמפּראָמיסלעכקײַט צומ סוינע. דעמ קאָמוניסט ווערנ ארויסגעשטעלט קאָלאָסאלע פּאָדערונגענ, ווײַל עס איז ניטאָ קיינ העכערע זאכ, ווי די אָנגעהעריקײַט צו דער פארטיי פונ לענינ־סטאָלינ.

דאָס קאָנטראָלירנ אונ אומבײַטנ די פארטייִשע דאָקומענטנ באווײַזט, אז אויכ אפ דעמ דאָזיקנ געביט זײַנענ אונדזערע אופגאבעס באזונדערס גרויס. אינ אייניקע פארטייִשע אָרגאניזאציעס, ווו די דאָזיקע אופגאבעס ווערנ פארשטאנענ ניט גאָר ריכטיק, פארדעקט מענ די אָפּווענזנהײַט פונ יעטווידער דערציִערישער ארבעט מיט די קאָמוניסטנ מיטנ פארעכענענ מעכאניש אינ פאסיווע. אזא פראקטיק איז פרעמד די טראדיציעס פונ באָלשעוויזמ. אָנעמענדיק אינ דער פארטיי איבערגעגעבענע מענטשנ, וואָס זײַנענ ווערט דעמ דאָזיקנ הויכנ נאָמענ, דארפ מענ פונ זיי דערציִענ פאָרגעשריטענע קעמפער־רעוואָליוציאָנערנ.

ניט זעלטנ פלעגט זיכ לאָזנ מערקנ א לײַכטזיניקע באציִונג סײַ צומ אָנעמענ, סײַ צומ אויסשליסנ פונ פארטיי. ארויסטרײַבנדיק אָנ ראכמאָנעס פונ אונדזערע רייענ די

פארביסענע סאָנים, וואָס זײַנען דורך נארערײַ דורכגעקראָכן אין פארטיי, איז נייטיק אופמערקזאם און פילבאר באציִען זיך צו יענע, וואָס זײַנען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פארטיי אין רעזולטאט פון דער טעמפּקעפיקער כקירע: „שוין בעסער איבערזאלצן באם אויסשליסן פון פארטיי, וועט מען דערנאָך, הייסט עס, אופשטעלן אין די העכערע אינסטאנצן". ס'איז נייטיק א כאוועריִשע אופמערקזאמקײַט צו יענע, וואָס זײַנען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פארטיי, ווײַל זיי אנטשפרעכן ניט דעם הויכן נאָמען—מיטגליד פון צק אלקפ(ב), אָבער זיי פילן אויס ערלעך דעם כויוו פון א סאָוועטישן בירגער.

דער יונ-פלענום פון צק אלקפ(ב) פון 1936 י. באטראכטנדיק די פראגע וו עגן אומבײַטן די פארטיי־דאָקומענטן, האָט באופטראָגט דער אָרגביוראָ, אפן גרונט פון דער מיטיילונג פון כ' יעזשאָוו און פון די פאָרשלאָגן פונעם כאווער סטאלין, אויסצוארבעטן א באשטימונג וועגן דער אָרדענונג פון אָנעמען פאר מיטגלידער פון פארטיי און וועגן באהאנדלען די אפעליאציעס פון די אויסגעשלאָסענע באם דורכקאָנטראָלירן די פארטיי־דאָקומענטן.

ס'וואָלט געווען א ביז גאָר שעדלעכער אָפּאָרטוניזם, וואָס עפנט פארן סוינע א מעגלעכקײַט צו פירן א קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע ארבעט, צו טראכטן, אז וויבאלד דער סאָציאליזם אין פססר האָט געזיגט ענדגילטיק און אפ שטענדיק, וויבאלד די קאפיטאליסטישע קלאסן זײַנען פארניכטעט, און די אָפּאָזיציעס אינעווייניק אין דער פארטיי זײַנען צעקלאפט,—קאָן מען, הייסט עס, אָפּשוואכן די וואכזאמקײַט. די שפליטערס פון די צעשמעטערטע קלאסן־סאָנים וועלן, בא דער שטיצע פון דער אויסלענדישער בורזשואזיע, ניט איבערקלײַבנדיק קיין מיטלען, נאָך פרווון אָנצוטאָן שאָדן דער זאך פון סאָציאליזם.

ניט האָבנדיק קיין שום שטיצע אין די מאסן און ניט זײַענדיק דעריבער בעקויעכ ארויסצוטרעטן אָפן, האָבן די נאָכשלעפּער פון די סאָנים פון סאָציאליזם, און פריִער פון אלץ, די טראָצקיסטן און זינאָוויעווצעס זיך פארקאָנספירירט און טוען זייער ארבעט שטילינקערהייט. יעדער נײַער דערפאָלג אונדזערער רופט ארויס א ווילדן האס בא די שפליטערס פון די קלאסן-סאָנים, וואָס זײַנען צעקלאפּט געוואָרן אין אָפענעם שלאכט און פון די שטרעמונגען, וואָס זײַנען פײַנטלעך דעם ארבעטער־קלאס און דעם באָלשעוויזם און וואָס אין זייער אוואנגארד געפינען זיך קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע, ווײַסגווארדײַשע, טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע עלעמענטן, וועלכע פירן א נידערטרעכטיקע שפּיאָנישע, דיווערסאנטישע און טעראָריסטישע ארבעט. מע טאָר נים פארגעסן אפ קיין איין מינוט, אז דאָס סאָציאליסטישע לאנד לעבט אין א קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג.

בא יעדער באָלשעוויק, בא יעדער ערלעכן ארבעטנדיקן דארף מען אומדערמידלעך דערציִען א האס צום סוינע, א קלאסן-האס צו די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטן און זינאָוויעווצעס, וועמעס נידערטרעכטיקע אויסוורפן עס האָבן אפן העטלעכסטן פארטערישן אופן דערמאָרדעט איינעם פון די בעסטע און באליבטע אָנפירער פון אונדזער פארטיי, דעם טרײַען שילער און פרײַנט פון גרויסן סטאלין—סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו.

קיין שאָטן פון זעלבסטבארויִקונג אין צוזאמענהאנג מיט אונדזערע גרויסע דערפאָלגן! אלץ העכער דארפן מיר הייבן די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט, אויסוואָרצלענדיק אלערליי אנטפלעקונגען פון אָפּאָרטוניסטישער גוטמוטיקײַט און גענעצערײַ.

די סאָנים האָבן ניט איינמאָל

„אויסגערעכנט אָנצושרעקן אונדז און צווינגען אראָפּקערן פון לענינישן וועג. די דאָזיקע מענטשן האָבן, קענטיק, פארגעסן, אז מיר, באָלשעוויקעס,—זײַנען מענטשן

פונ א באזונדער שניט. זיי האָבנ פארגעסנ, אז באָלשעוויקעס וועסטו ניט אָפּשרעקנ ניט מיט קיינ שוועריקייטנ, ניט מיט קיינ דראָונגענ. זיי האָבנ פארגעסנ, אז אונדז האָט געשמידט דער גרויסער לענינ, אונדזער פירער, אונדזער לערער, אונדזער פאָטער, וואָס האָט ניט געוווּסט און ניט אנערקענט קיינ מוירע אינ קאמפ. זיי האָבנ פארגעסנ, אז וואָס שטארקער עס ווילדעווענ די סאָנים און וואָס מער עס פאלנ ארייַנ אינ היסטעריקע די קעגנער אינערלעכ אינ דער פארטיי, אלץ מער ווערנ אָנגעגליט די באָלשעוויקעס צום נייַעם קאמפ און אלץ האסטיקער באוועגנ זיי זיכ פאָרויס" (סטאלינ).

די דורכקאָנטראָלירונג און דער אומבייַט פונ די פארטיי־דאָקומענטנ באווייַזנ בוילעט די ביזוויליקע כיטרעקייַט פונ׳עם סוינע, וואָס האָט זיכ אויסגעקליבנ אלס געווער די צווייפּנעמדיקייַט. מע קאָנ ניט טראכטנ, אז די דורכקאָנטראָלירונג און דער אומבייַט פונ די פארטיי־דאָקומענטנ האָבנ ענדגילטיק אָפּגעריייניקט די פארטיי פונ די סאָנים. עס זיינענ נאָכ געבליבנ אינ דער פארטיי פארקאָנספּירירטע, פארטייַעטע, פארביסענע סאָנים, נאָכ ניט אלע צווייפּנעמדיקע זייַנענ דעמאסקירט. דעריבער טאָר מענ אפ קיינ איינ מינוט ניט אָפּשוואכנ די שארפזיכטיקייַט. מיר דארפנ קאָנטראָלירנ די מענטשנ, פארווירקלעכנדיק אינ דער פראקטיק דעמ באָלשעוויסטישנ קאָנטראָל. אלע פארטייִשע אָרגאניזאציעס און זייערע אָנפירער דארפנ פארשטארקנ די באָלשעוויסטישע וואכזאמקייַט, פאַנאנדערוויקלענ א אידייִשע ארבעט אינ דער פארטיי, זיי דארפנ קאָנענ יעדער מיטגליד פונ זייער אָרגאניזאציע.

די דורכגעגאנגענע פארזאמלונגענ פונ פארטייִשנ אקטיוו האָבנ געגוי באהאנדלענדיק די סאכאקלענ פונ יונ־פלענום פונ צק אלקפ(ב) פונ 1936 י. אונטערגעשטראָכנ אינ זייערע רעזאָליוציעס נאָכאמאָל און גאָכאמאָל, אז די קלענסטע אָפּגעטעמפּטקייַט פונ דער רעוואָליוציאָנערער וואכזאמקייַט אפ יעטווידנ באצירק פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג איז א פארברעכנ קעגנ דער פארטיי, קעגנ דער היימלאנד. די פארזאמלונגענ פונ פארטייִשנ אקטיוו האָבנ אינ די איינהייַטלעכ-אָנגענומענע רעזאָליוציעס נאָכאמאָל דעמאָנסטרירט זייער איבערגעגעבנקייַט צום צענטראל־קאָמיטעט פונ דער פארטיי און צום באליבטנ פירער כאווער סטאלינ.

אונדזער פארטיי איז אומבאזיגבאר, ווייַל זי ווייס, וווּהינ זי גייט. אונדזער פארטיי איז אומבאזיגבאר, ווייַל אינ איר שפּיצ שטייט דער געניִאלער סטאלינ. די אומבאזיגבארע באָלשעוויסטישע פאָנ—די פאָנ פונ לעניניזם וועט פלאטערנ אינ דער גאנצער וועלט.

(„באָלשעוויק").

א. אָשעראָוויטש

# איבערנ קייווער פונעמ גרויסנ גאָרקי

צומ פאָלק וועל איכ פונ קייווער זינגענ
אונ וועל באגײַסטערנ זײַנ הארצ.

א יאָר הונדערט טיילט פאנאנדער צווישנ דעמ טויט פונ פושקינ אונ דעמ טויט פונ מאקסימ גאָרקי. פושקינ איז געווענ דער גרעסטער פאָעט פונ דער דעמאָקראטיע אינ זײַנ עפּאָכע. אונ גאָרקי? „גאָרקי איז זיכער דער גרעסטער פאַרשטייער פונ דער פּראָלעטארישער קונסט, וואָס האָט פיל פאר איר אופגעטאָנ אונ קענ נאָכמער אופטאָנ" (לענינ). צוויי באזונדערע עפּאָכעס. פושקינ האָט געלעבט אונ איז געשטאָרבנ באמ צאריזמ. די צארישע קאמארילע האָט דעמ גענִיאַלנ פאָעט דערהארגעט. זי איז שולדיק אינ זײַנ טויט. אונ אז דער צאר האָט זיכ דערשראָקנ פארנ קאַעס פונ פאָלק, וואָס האָט אזוי ליב געהאט פושקינענ,—דעמ פאָלקס פאָעט, האָט ער באפוילנ מע זאָל שטילינקערהייט בעהיימ פונ די פאָלקס-מאסנ באהאלטנ דעמ טויטנ קערפער. די פאָלקס-מאסנ האָבנ באלאגערט פושקינס ווינונג, קעדיי זיכ צו געזעגענענ מיט אימ. אָבער געזעגענענ זיכ מיט זייער פאָעט האָבנ זיי ניט געקענט.

אנדערש איז אויסגעפאלנ דער גורל פונ מאקסימ גאָרקי. עמעס, א האלב יאָר הונדערט האָט ער געלעבט באמ צאריזמ אונ האָט פארזוכט אינ א פולער מאָס דאָס בייז פונ דער צארישער אָרדענונג: הונגער, עקספלואטאציע, אָרעמקייט, טורמע, פארשיקונג, עמיגראציע. אָבער ער האָט דערלעבט צו זענ מיט זײַנע אויגנ דעמ גרויסנ זיג פונ דער אָקטיאבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, פאר וועלכער ער האָט יאָרנלאנג געקעמפט, ווי לענינס א שילער. ער האָט דערלעבט צו זענ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, וואָס ער האָט געהאָלפנ בויענ, באפוצנ, פארשענערנ, אונטער דעמ אומופהערלעכנ אופזוענ פונ דעמ גרויסנ ארכיטעקטער פונ סאָציאַליזמ—דעמ כ' סטאלינ. אימ איז געווענ באשערט צו ווערנ דער גרויסער פאָלקס-דיכטער פונ דער גרויסער פריידיקער, גליקלעכער סטאלינישער עפּאָכע. דער טויט האָט אוועקגערויבט דעמ גרויסנ דיכטער פונ פאָלק. טרויערט דאָס גרויסע סאָוועטישע פאָלק, טרויערט די באָלשעוויסטישע פארטיי, טרויערט די סאָוועטישע רעגירונג איבערנ טויט פונעמ גרויסנ פראָלעטארישנ שרײַבער.

אונ דאָס גאנצע סאָוועטישע לאנד אונ די אלע ארבעטנדיקע פונ דער וועלט האָבנ מיט א פארכאפטנ אָטעמ זיכ אײַנגעהאָרכט אינ דער רעדע, וועלכע ס'האָט געהאלטנ דער פאָרזיצער פונ ראטספאָלקאָמ פססר כ' מאָלאָטאָוו בא דער אורנע אש פונעמ גרויסנ שרײַבער גאָרקי. דער הויפט פונ דער סאָוועטישער רעגירונג האָט געזאָגט:

„נאָך לענינען איז דער טויט פון גאָרקין דער סאַמע שווערער פאַרלוסט פאַר אונדזער לאַנד און פאַר דער מענטשהײַט.

אונדזער קראַפט איז אין דעם, וואָס דאָס פאָלק פון סאָוועטישן לאַנד, וועלכן גאָרקי האָט אָפּגעגעבן זײַן גאַנצן גרויסן טאַלאַנט און די גרויסע הארץ, האָט זיך שוין אויפגעהויבן אַף זײַנע מעכטיקע פיס, האָט געגעבן ראַכוועס דעם וווקס פון זײַנע גדערנעצלאָזע קרעפטן און טאַלאַנטן און מיט דעם אַליין פאַרקערפּערט ער אין לעבן די האָפענונגען און די טרוימען פון די בעסטע פאָרשטייער פון דער מענטשהײַט".

גאָרקי האָט דערלעבט צו זען די איינהײַט פון פאָלק, באָלשעוויסטישער פאַרטיי און סאָוועטישער רעגירונג. גאָרקי איז געווען דער נאָענטסטער פרײַנט פון סטאַלינען, וועלכער צערטלט מיט אַזאַ ליבע די קולטורעלע ווערטן פון אַלע פעלקער און זאָרגט אַזוי פאָטערלעך פאַר דעם אויפבלי פון קולטור און קונסט אין יעדן ווינקל פון אונדזער גרויסן לאַנד.

הונדערט יאָר צוריק האָט לערמאָנטאָוו אויפגעשריבן זײַן באַוווסטע ליד אַפּ פושקינס טויט. איז דאָס ליד געווען פאַרבאָטן, און איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט דאָס ליד געקענט גיין נאָר אַ געשריבענע פון האַנט צו האַנט, פון מויל צו מויל. לערמאָנטאָוו האָט זייער טײַער באַצאָלט פאַר זײַן בונטאַריש, אָבער טיף פּאַטריאָטיש ליד. הײַנט, צום טויט פון גאָרקין זײַנען פול די צײַטונגען מיט לידער, אַרטיקלען פון די בעסטע שרײַבער פון לאַנד, וואָס דריקן אויס דעם טרויער פון פאָלק, פון דער פאַרטיי, פון דער רעגירונג.

אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער זײַנען די פאָלקס-פּאָעטן פאַ פאָלגט פון דער רעגירונג. די היטלערישע דײַטשלאַנד האָט אַרויסגעטריבן אירע בעסטע דענקער און קינסטלער. ווי גליקלעך וואָלט גאָרקי געווען, ווען ער וואָלט איבערגעלייענט דעם 121 אַרטיקל פון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, וועלכע זאָגט: „פּסדר גיט אויסלענדישע בירגער, וואָס ווערן פאַרפאָלגט פאַר פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע, אָדער פאַר וויסנשאַפטלעכער טעטיקײַט, אָדער פאַר נאַציאָנאַלן באַפרײַונג-קאַמף". גאָרקי איז געווען דער לײַדנשאַפטלעכסטער אַנטיפאַשיסטישער קעמפער. ער האָט געזאָרגט פאַר די געלערנטע, פאַר די קינסטלער, וואָס ווערן פאַרפאָלגט אין די לענדער פון פאַשיזם. פּסדר איז פאַר זיי דאָס פאָטערלאַנד, וווּ זיי קאָנען פרײַ פאָרזעצן זייער נוצלעכע אַרבעט, זײַנענדיק באַשיצט פון זייערע פאַרפאָלגער. אָט דאָס איז געווען דער אידעאַל פון גאָרקין. און דער אידעאַל איז פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אַ יאָרהונדערט טיילט אונדז אָפּ פון פושקינס טויט. וואָס פאַראַ באַטרעף האָט אַמאָל געהאַט אַ יאָרהונדערט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט. פושקין אַליין האָט געטרוימט, אַז אין אַ יאָרהונדערט אַרום וועלן כאָטש זײַן גוטע שאָסיי-וועגן אין רוסלאַנד. און וואָס האָבן מיר הײַנט אין סאָוועטנפאַרבאַנד? צי נאָר גוטע שאָסיי-וועגן? מיר פאַרמאָגן דאָס, וואָס גרויסע טרוימער, קינסטלער האָבן זיך פאָרגעשטעלט, וואָס עס וועט זײַן אין טויזנט יאָר אַרום. די יאָרן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָבן אַזוי געענדערט די וועלט, וואָס גאַנצע יאָרהונדערטן קעסיידער האָבן עס ניט געקענט ענדערן. גאָר אַנדערש זײַנען געוואָרן די טעמפּן פון לויף פון דער געשיכטע, וואָס איר לאָקאָמאָטיוו איז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און וועמעס רודער געפינט זיך אין בעניטע ״כערע הענט,—אין די הענט פונעם פירער סטאַלין.

האָט ריכטיק פאָרויסגעזען, ווען ער האָט געזונגען וועגן דעם דענקמאָל,

װאָס ער אַליינ האָט זיכ אויסגעבויט אונ צו װעלכנ די „פאָלקס־סטעזשקע װעט נימ באװאקסנ װערנ". נימ קיינ „סטעזשקע", נאָר א ברייטע פאָלקס־װעג פירט איצט צו פושקינס דענקמאָל. דער הונדערטער יאָרטאָג פונ פושקינענ װערט איינגעאָרדנט דורכ דער סאָװעטישער רעגירונג.

דעמ טראגישנ טויט פונ א רוסישנ שרייבער אונ קינסטלער אינ דער עפּאָכע פונ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ האָט אינ א פּאָר שורעס געשילדערט נעקראסאָװ אינ זיינ ליד „װעגנ פּאָגאָדע".

А где нет ни плиты, ни креста,
Там, должно быть, и есть сочинитель.

אזא װערדע האָט געהאט די קונסט, די ליטעראטור אינ די צארישע צייטנ. אזא װערדע האָבנ אויכ געהאט די שרייבער, די קינסטלער.

אונ װאָס פארא גליק איז, װאָס גאָרקי האָט זיינע לעצטע אכצנ א האלב יאָר געלעבט בא דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט. דאָס איז די איינציקע רעגירונג אפ דער װעלט, װאָס שעצט אזוי הויכ די פאָלקס־קונסט אונ די קינסטלער, װאָס גיט די פרייסטע מעגלעכקייט אפ ברייט אונ טיפ פאנאנדערװיקלענ די פאָלקס-שאפונג.

מע טאָר נימ פארגעסנ, אז גאָרקי איז דער קינסטלער, װעלכנ לענינ האָט אזוי ליב געהאט. אונ װעגנ גאָרקיס ליבע צו לענינענ קאָנענ מיר אורטײלנ פונ זיינ בריװ צו קרופּסקאיא אינ װעלכנ ער שרייבט, אז אינ צוזאמענהאנג מיט לענינס טויט, האָט ער א גאנצע נאכט געטראכט: „װאָס פארא ליכטיקער סייכל ס'איז אויסגעלאָשנ, װאָס פארא הארצ עס האָט אופגעהערט קלאפּנ".

אונ איצט כאורעט איבער די גאנצע לאנד אפ גאָרקיס טויט די זעלבע װערטער:

װאָס פארא ליכטיקער סייכל ס'איז אויסגעלאָשנ,
װאָס פארא הארצ ס'האָט אופגעהערט קלאפּנ.

---

געלאָזנ אלס בײַ־עלעמענט פונ קריטיק. דארפ א שרײַבער גרייטנ א היסטאָרישע דראמע אָדער ראָמאנ, וואקסט אויס די פאָדערונג אפ געשיכטע. אונ אינ רעזולטאט דערפונ האָט זיכ באקומענ די טרויעריקע לאגע פונ אונדזער אָפשטיינ אפנ היסטאָרישנ געביט. מיר שטייענ שטארק אָפ פונ דער סאָוועטישער היסטאָרישער וויסנשאפט. „אומוויסנהײַט האָט נאָכ קיינמאָל קיינעמ ניט געהאָלפנ“,—האָט אײנמאָל מארקס ארויסגעזאָגט אפנ אדרעס פונ ווייטלינג אונ פונ זײַנ איגנאָרירנ די וויסנשאפט. אינ רעזולטאט פונ איגנאָרירנ די אײַנשטעלונגענ פונ דער סאָוועטישער היסטאָרישער וויסנשאפט, באקומט זיכ, אז אינ אונדזער פרעסע אונ זשורנאליסטיק רײַסנ זיכ דורכ פארקריפלטע אײַנשטעלונגענ, וועלכע שטערנ אינעמ דערפאָלגרײַכ באקעמפנ די רעשטנ פונ די נאציאָנאליסטישע היסטאָרישע סכעמעס. זיי רופנ זיכ שעדלעכ אָפ אויכ אפנ געביט פונ ליטעראריש־קינסטלערישער טעטיקײַט.

אלס איליוסטראציע וועלנ מיר ברענגענ עטלעכע בײַשפּילנ אינ אָרדענונג פונ אוועקשטעלונג פונ פראגנ, אָנ דער פרעטענזיע, אלזײַטיק זיי באהאנדלענ אינ די ראמענ פונ א קורצנ ארטיקל.

לאָמיר נעמענ אזא פראגע, ווי דארפ מענ פונ מארקסיסטיש־לענינישנ שטאנדפונקט אָפשאצנ דעמ פאקט פונ אריבערגיינ אינעמ סאָפ פונ XVIII יאָרהונדערט פונ גרויסע יידישע מאסנ פונ פוילישער פריצישער אונטערטאנענשאפט צו דער רוסישער אימפעריע. די פראגע איז גלײַכ אקטועל אי פאר היסטאָריקער, אי פאר קריטיקער אונ ליטעראטאָרנ. זי איז א טײל פונ דער אלגעמײנער פראגע וועגנ דער אָפשאצונג פונ דער ווירקונג פונעמ אריבערגיינ צו רוסלאנד פונ די ווײַסרוסישע אונ אוקראַינישע לענדער, וועלכע עס האָבנ געשמאכט אונטערנ פוילישנ פריציש־פעאָדאלנ יאָכ. אינ דער סאָוועטישער היסטאָרישער ליטעראטור איז די דאָזיקע פראגע אינ די לעצטע יאָרנ שטארק אונ פיל באהאנדלט געוואָרנ. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרנ, אז אינ דער פראגע וועגנ דער אָפשאצונג פונעמ אריבערגיינ אינ דער רוסישער אימפעריע פונ פארשיידענע פעלקער אונ לענדער מוז אָנגעווענדעט ווערנ דער איינציק ריכטיקער מארקסיסטישער קאָנקרעט־היסטאָרישער מעטאָד. ניט יעדער איבערגאנג צו רוסלאנד איז געווענ היסטאָריש פראָגרעסיוו פונ שטאנדפונקט פונ די אינטערעסנ פונ געגעבענעמ פאָלק. ניט יעדער איבערגאנג צו רוסלאנד דארפ אָבער באטראכט ווערנ ריינ פאָרמעל אלס אנ אימפעריאליסטישער פארכאפנ, קאָלאָניאלער געוואלט אונ רויב. מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט היסטאָרישע פאקטנ פונ ווײַטנ פאראָקטיאבערישנ פעריאָד, ווענ רוסלאנד האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט א פריצישע מעלוכע, א מיליטער־פעאָדאלנ אימפעריאליזמ. מיר האָבנ אינ דער דאָזיקער פראגע די קלאסישע אָנווײַזונגענ פונ די כאווײרימ סטאלינ, זשדאנאָוו, קיראָוו וועגנ די היסטאָרישע לערנביכער. מיר האָבנ די אָנווײַזונגענ פונ דער זשורי פונ דער רעגירונגס־קאָמיסיע וועגנ קאָנקורס איבערנ לערנבוכ פונ געשיכטע פונ פססר, ווו צווישנ אנדערע ווערט אָנגעוויזנ:

„די פארפאסער זעענ ניט, אז פאר גרוזיע איז דעמלט געשטאנענ די אלטערנאטיוו — אָדער ווערנ אײַנגעשלונגענ פונ דער שאכישער פערסיע אונ סולטאנישער טערקײַ אָדער אריבערגיינ אונטערנ פראָטעקטאָראט פונ רוסלאנד, פונקט ווי פאר אוקראַינע איז דעמלט געשטאנענ די אלטערנאטיוו—אָדער ווערנ פארשלונגענ פונ

פרעמדן פריצישן פוילן און סולטאנישער טערקײַ, אָדער אריבערגיין אונטער דער איבערמאכט פון רוסלאנד. זיי זעען ניט, אז די צווייטע פערספעקטיוו איז דאן געווען די „קלענסטע צָרה".

באטראכטנדיק פונעם דאָזיקן שטאנדפונקט דעם פאקט פון אריבערגיין צו רוסלאנד אינעם סאָף פון XVIII יאָרהונדערט פון ווײַסרוסישע און אוקראַיִנישע לענדער מיט א באדײַטנדיקער ייִדישער באפעלקערונג, מוזן מיר קומען צום אויספיר, אז דער דאָזיקער איבערגאנג איז געווען אין די אינטערעסן פון די ייִדישע מאסן.

דער פוילישער פעאָדאליזם האָט געהאלטן אין איין פוילן און צעלייגן זיך אינעם פארלויף פון דער גאנצער צווייטער העלפט פון XVIII יאָרהונדערט. ער האָט זיך צעלייגט עקאָנאָמיש און פּאָליטיש. און וואָס מער דער שליאכטיש-פעאָדאלער רעזשים און עקאָנאָמיק האָט געהאלטן אין פאנאנדערפאלן אלץ מער איז געוואקסן און פארגרעסערט זיך די עקספּלואטאציע און איזדעקעווען זיך איבער די פאָלקס-מאסן און באזונדערס איבער די ניט-פוילישע מאסן — ווײַסרוסן, אוקראַיִנער, ייִדן. דער שליאכטיטש האָט שטארק געשמידט די קייטן פון קנעכטשאפט. מיטן אריבערגיין צו רוסלאנד זײַנען די ייִדן ארויס פון פריצישן גאָלעס. די גרויסע צענטראליזירטע רוסישע אימפעריע האָט ליקווידירט דעם אומבאגרענעצטן ווילקיר פון יעדן פּאָריצל, אונטערוואַרפנדיק די ייִדן אונטער דער הערשאפט פון אלגעמיינע געזעצן. דער ייִד האָט זיך אָפּגעריסן פון דער פאראזיטארער פויליש-פריצישער עקאָנאָמיק. די ייִדן ווערן ארויסגעריסן פון זייער געטאָ-עקאָנאָמיק און אָרגאניזאציע, זיי ווערן ארײַנגעשריבן אין די שטאָטישע שטאנדן סאָחרישע און האנטווערקערישע. פאר די ייִדישע מאסן ווערט געשטעלט די פערספעקטיוו פון אריבערגיין אף נײַע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און בויען די אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט. מיטן אריבערגיין צו רוסלאנד ווערט אויך אונטערגעריסן דער באָדן אונטער דער עכט ייִדישער אָליגארכיע-אָרגאניזאציע פונעם „קאָהאָל" פון גרענעצלאָזן אונטערדריקן און רויבן די ייִדישע מאסן. עס פארשווינדט דער מאיאָפּיס, די מאָראלישע נידערשלאָגנקייט פון די ייִדן. דער צארישער רעזשים לייגט, נאטירלעך, ארויף זײַן שטעמפּל אף די דאָזיקע פּראָצעסן. ער טאָרמאָזירט זיי, ער טוט גאָרנישט, קעדיי קומען צו הילף דער ייִדישער באפעלקערונג, שאפן די נייטיקע באדינגונגען פארן אומענדערן די לעבנס-פאָרמען פון די ייִדישע מאסן. און דאָך, ניט געקוקט אף דער עקזיסטענץ פון צאריזם, האָבן די ייִדן דערשלאָגן זיך פיל פארבעסערונגען אין פארגלײַך מיט זייער פריִערדיקער לאגע אלס פריצישע ייִדלעך. עס איז גענוג צו ברענגען אזעלכע פאקטן, ווי די אנטשטייונג פון ייִדישע האנדלס-שיכטן, וועלכע זײַנען שוין אין אָנהויב פון XIX י. ה. געווען טעטיק אפן געביט פון אויסן-האנדל, פון מעלוכע-פּאָדריאדן, די אנטשטייונג פון ייִדישע בורזשואזע עלעמענטן אפן דאָרעם, ספּעציעל אין אָדעס, די אנטשטייונג פון ייִדישער לאנדווירטשאפט אפן דאָרעם אפן געביט פון עקאָנאָמיק. עס איז גענוג צו ברענגען אזעלכע פאקטן ווי די באשטימונגען וועגן שולן פאר ייִדן, די אָפּשוואכונג און שפּעטער ליקווידאציע פון ייִדישן קאָהאָל—אפן געזעלשאפטלעכן געביט. עס איז גענוג צו ברענגען אזעלכע פאקטן, ווי דער אָנהויב פון דערנעענטערונג צווישן די פּאָרגעשריטנסטע עלעמענטן פון די ייִדן מיט די בעסטע פאָרשטייער פון דער רוסישער קולטור (פּערעץ, נעוואכאָוויטש), מיט דער רוסישער באפרײַערישער

באַוועגונג (מיט די דעקאַבריסטנ) צו פאַרשטיינ די גרויסע היסטאָריש־פּראָגרעסיווע באַדייטונג, וואָס עס האָט געהאַט פאַר די יידנ זייער אַריבערגיינ פונ אונטערנ ווילקיר אונ איזדעקעוועג זיכ פונ פוילישנ פּאָרעצ אונ דער סיסטעם פונ דער רוסישער אימפּעריע, ניט קוקנדיק אַפּ אַלע שטערענישנ מיצאַר דעם צאַרישנ רעזשים.

אונ דאָכ האָט די דאָזיקע איינשטעלונג נאָכ ניט באַקומענ בא אונדז פולקומע אָנערקענונג. אָנערקענט ווערט זי אייגנטלעכ יע, נאָר מע פאַרגעסט זי, ווענ עס קומט אויס צו קאָנקרעטע באַהאַנדלונגענ. באַשרייבט מענ דעם יידישנ לעבנ אינ רוסלאַנד אינ XIX י. ה., זעט זיכ ניט דער אונטערשייד מיטנ XVIII י. ה. שרייבט ווער וועגנ קאָהאָל, באַקומט זיכ, אַז „קאָהאָל" אַלס אינסטיטוט איז „בעשאָלעם" אַריבער פונ פוילנ אינ רוסלאַנד אונ אָנ ענדערונגענ ווייטער פונקציאָנירט. באַשרייבט מענ די לאַגע פונ יידנ אינ רוסלאַנד אינ אָנהויב פונ XIX י. ה. מאַכט מענ דעם קוועטש אַפּנ צאַריזם נאָר אונ דער לייענער איז דעזאָריענטירט. מע דערציילט אים וועגנ גזירעס, וועגנ א טשערטא אָסעדלאָסטי, וועגנ פאַרטרייבנ יידנ פונ די דערפער אינ אָנהייב פונ XIX י. ה. אונ ער זעט ניט איינפאַכ דעם אונטערשייד פונ אָנהויב XIX אונ אָנהייב XX י. ה. עס ווערט ניט אָנגעוויזנ אַפּ דעם זייער גרויסנ מעהאַלעכ, וואָס עס איז דאָ צווישנ די צאַרישע מאָסנאַמענ אינ אָנהייב XIX אונ אָנהייב XX י. ה. אונ אויב דער סאָפּ XVIII אָנהייב XIX י. ה. אינ רוסלאַנד הויבנ זיכ אָנ מיט „א טשערטא אָסעדלאָסטי" אונ „פאַרטרייבנ פונ די דערפער" איז קלאָר שוינ אינ וואָס פאַר א שיינ ווערט אונטערגעטראָגנ דאָס אַריבערגיינ פונ די יידישע מאַסנ פונ פויליש־פּריצישנ יאָכ צו רוסלאַנד. באַשרייבט מענ דעם אינעווייניקסטנ שטייגער־לעבנ פונ די יידנ אינ XIX י. ה. באַקומט זיכ אָדער א שטייענדיקע בלאָטע אָדער א „בייסוילאָם". גרויסע יידישע שטעט אינעם סאָפּ פונ XIX י. ה. ווערנ געמאָסטנ מיטנ בייסוילאָם אונ נאָכ ניט מיטנ נייעמ, נאָר מיטנ „אַלטנ". ווערט באַהאַנדלט די זייער וויכטיקע פראַגע וועגנ דער ראָליע פונ די יידנ אינ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע פונ 1812, וועגנ די באַציִונגענ פונ די יידנ צו נאַפּאָלעאָנענ, ווערט דער דאָזיקער מאָמענט — דער פוילישער מאָמענט — פאַרגעסנ. עס ווערט געלאָזנ אויסער אַכט דער פאַקט, וואָס די יידישע מאַסנ האָבנ אינ נאַפּאָלעאָנענ געזענ דעם רעסטאַווראַטאָר פונ דער מאַכט פונ די פוילישע פּריצים אונ דאָס האָט געשטאַרקט זייער פּאַטריאָטישע שטיצע אינעם קריג פונ 1812 קעגנ נאַפּאָלעאָנענ אונ א. וו. אונ א. וו.

א פּלאָנטער הערשט אויכ בא אונדז אינ דער באַהאַנדלונג פונ אַזעלכע פראַגנ ווי כאַסידיזם אונ האַסקאָלע. וועגנ די דאָזיקע פראַגנ האָבנ מיר א גאַנצ גרויסע אונ רייכע ליטעראַטור אונ בא א געהעריקער מאַרקסיסטישער באַוואָפנטקייט אונ געשיכטלעכער סיסטעמאַטיזירונג וואָלט ניט שווער געווענ באַהערשנ אונ סיסטעמאַטיזירנ דעם דאָזיקנ מאַטעריאַל. וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר דער כאַסידיזם? איז עס געווענ א פאָלקס־באַוועגונג? איז עס געווענ א פּראָגרעסיווע באַוועגונג? דאָס זיינענ אַלצ פראַגנ וואָס באַגלייטנ אונדזער ליטעראַטור שוינ אינ פאַרלויפ פונ עטלעכע צענדליק יאָר אונ עס איז שוינ לאַנג צייט געווענ אַז פונעם דאָזיקנ געביט זאָלנ פאַרטריבנ ווערנ די ווירקונגענ פונ יידישנ נאַציאָנאַליזם, פונ יידישיזם מיט זיינ קוואַזי־פאָלקיזם.

דער כאסידיזם איז אנטשטאנענ אינ די פויליש־אוקראִינישע לענדער אינ מיטנ פונ XVIII יאָרהונדערט. דאָס פוילנ פונ פעאָדאליזם, וואָס האָט אינ פוילנ דערגרייכט צו דער העכסטער מאדרייגע, דאָס צעפאלנ פונ פוילישער עקאָנאָמיק אונ שליאכטיטש־דעצענטראליזירטנ מעלוכע־רעזשים איז פונ מיטנ XVIII י. ה. מיט ריזנ־שריט בעגאנגענ פאָרויס. די פארשטארקונג פונ דער ווילקירלעכער עקספלואטאציע־פאָליטיק פונ פוילישנ פאָרעצ האָט רוִנירט די פויערישע מאסע אונ האָט אונטערגעריסנ דעם באָדנ פונ די פויליש־יִדישע פארנאָסעס. די פראָצעסנ פונ צעפאלונג פונ פויליש־פעאָדאלער עקאָנאָמיק זײַנענ ניט געווענ באגלייט מיט פראָצעסנ פונ אנטשטייונג פונ נײַעם, פונ אנטשטייונג פונ קאפיטאליזם מיט נײַע פאָרמענ, צווײַגנ אונ קוואלנ פונ עקאָנאָמישער טעטיקײַט פאר די שטאָטיש־שטעטלדיקע יִדישע מאסנ. פוילנ האָט ניט פארמאָגט די מעלוכיש־געזעלשאפטלעכע באדינגונגענ, וועלכע זײַנענ געווענ ארום, ווענ אינ די ראמענ פונ פעאָדאליזם האָט סיסטעמאטיש אָנוואקסנדיק זיכ אנטוויקלט דער זוים פונ קאפיטאליזם. די יִדישע מאסנ האָבנ זיכ אינ די פויליש־אוקראִינישע לענדער געפונענ אינ צושטאנד פונ אבסאָליוטער אויסזיכטלאָזיקײַט, ניט האָבנדיק קיינע פערספעקטיוונ אפ ארופהייבנ זיכ אונ איבערגיינ צו העכערע פראָדוציר־פאָרמענ, צו נײַע צווײַגנ פונ ארבעט אונ באשעפטיקונג. ווערנדיק פארווילדערט אונ דעמאָראליזירט פונ אלע גרויזאמקײַטנ פונ אונטערגאנג, פונעם דעגראדירנ פונ פוילישנ פעאָדאליזם, האָבנ זיי מיט זיכ פאָרגעשטעלט דעם גינסטיקנ באָדנ פאר א פראָגראם פונ רעסטאווראציע פונעם פעאָדאליזם, פונ שטײַפער פארשרויפנ די שרויפנ פונ פעאָדאליזם. די כסידישע מיסטיק מיט איר יענערוועלטיקײַט, מיט די פינצטערסטע אבערגלויבנס מיט דער פארגעטלעכונג פונ דער פערזאָנ פונ צאדיק, די כסידישע אויסגעטאָנקײַט פונ רעאלנ לעבנ האָט אָפגעשפיגלט די ערדישע אויסזיכטלאָזיקײַט אונ באָדנלאָזיקײַט פונ דער מאסע שטעטלדיקע יִדנ קליינע ארענדארנ, שענקער, קרעטשמער, הויזירער. דער כאסידיזם האָט פונ אָנהייב אָנ אָנגענומענ א כאראקטער פונ א רעאקציאָנערער ראָמאנטיק, רעאקציאָנער ניט נאָר לויט דער פאָרם, נאָר אויכ לויטנ אינהאלט. די כסידישע אנטיראבאָנישע אונ אנטיקאָהאָלשע מאָטיוונ האָבנ פונ אָנהייב אָנ געטראָגנ א באגרענעצטנ כאראקטער, באקעמפט ניט דעם עצעם פונ קאָהאָל, נאָר זײַנע איבערבויגנ, געטראָגנ א רעפאָרמיסטישנ אונ ניט קיינ רעוואָליוציאָנערנ כאראקטער אונ זייער גיכ פארוואנדלט זיכ אינ א דעמאגאָגישער פראָגראם פאר כסידישנ נעפאשעס־פאנג.

די גרויסע היסטאָרישע פראָצעסנ פונ מיטנ אונ סאָפ XVIII י. ה. האָבנ פארוואנדלט דעם כאסידיזם אינ אנ עכט רעאקציאָנערע אידעאָלאָגיע אונ באוועגונג. דער כאסידיזם איז געוואָרנ די יִדיש־פעאָדאלע רעאקציע קעגנ דעם מעכטיקנ שטראָם פונ די נײַע בורזשואזע אידייענ. דאָרט, אפנ מײַרעוו, אינ קעגנזאצ צו פוילנ, איז דער קאפיטאליזם ארויסגעוואקסנ פונ די ענגע ראמענ פונ פעאָדאלער אָרדענונג אונ האָט געבראכט צו רעוואָליוציע. די פראנצויזישע רעוואָליוציע פונ סאָפ XVIII י. ה., ווי עס כאראקטעריזירט זי מארקס, איז געווענ ניט קיינ לאָקאלע, נאָר א רעוואָליוציע פונ אלוועלטלעכנ מאסשטאב — זי האָט פראָקלאמירט דאָס אויפקומענ פונ דער נײַער בורזשואזער אָרדענונג. א ריי פונ מעכטיקע סאָציאלע אונ קולטורעלע פראָצעסנ זײַנענ איר פאָרויסגעגאנגענ. דער XVIII יאָרהונדערט אפנ מײַרעוו איז דער

יאָרהונדערט פונ זיג פונ נאטור־וויסנשאפטנ, פונ מאטעריאליזמ, וואָס טראָגט דעמלט א מעכאנישנ כאראקטער, דער יאָרהונדערט פונ ענציקלאָפעדיסטנ, פונ ניצאָכנ פונ סייכל, פונ דער פארשפרייטונג פונ אופקלערעריַ, פריַדענקעריַ. די דאָזיקע אלע שטראָמענ גיסנ זיכ אריַנ אינ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע אונ באקומענ אינ איר זייער העכסטע דערהויבונג, ווי וויַט די בורזשואזיע איז פייִק געווענ זיי צו דערהויבנ. דער דאָזיקער מעכטיקער באפריַונגס־ אונ אופלויסערונגס־פראָצעס האָט מיט זיַנ גאנצער צעשטערונגס־קראפט א קלאפ געגעבנ איבער אלע מיטלאלטערלעכע פאָראָנדקעס אונ בעסויכאָמ אויכ איבערנ ייִדישנ מיטלאלטער. עס הויבט זיכ אָנ אפנ מיַרעוו וואקלענ דער פונדאמענט פונ דער ייִדישער געטאָ פונ אויסנ אונ פונ קאָהאָל־ראבאָנישער אָרדענונג פונ אינעוויינիק. דער כאסידיזמ ווערט אינ די דאָזיקע באדינגונגענ דער קאָנצענטרירטער אויסדרוק פונ דער ייִדיש־פעאָדאלער רעאקציע קעגנ די אידייענ פונ דעמ פראנצויזישנ ראציאָנאליזמ, אופקלערעריַ, קעגנ די אידייענ פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע.

דער כאסידיזמ דערקלערט דעמ ראווינִיזמ פאר א צו שוואכנ צוימ קעגנ דעמ ניַעמ וועלטלעכנ שטראָמ. די כסידימ — די סאמע רעאקציאָנערע עלעמענטנ פונ קלער, די קליינשטעטלדיקע רעוולעכ, מאגידימ, מעלאמדימ באשולדיקנ די ראבאָנימ אינ וועלטלעכע צעלאָזנקיַט, אונ ראווינִיזמ—אינ צו גרויסער ליבע צומ סייכל. דערפילנדיק דאָס אָנקומענ פונ דער מאכט פונ סייכל, האלטנ די כסידימ פאר געפערלעכ אפילע דעמ פארקריפלטנ, פארדרייטנ געמאָרע־סכאָלאסטישנ „סייכל“ פונ ראווינִיזמ. די כסידימ דערקלערנ אנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ דעמ סייכל. אָנשטאָט אימ ווערט אפנ טראָנ אוועקגעזעצט דער בלינדער גלויבנ אינ גאָט, צאדיק, קאמייעס אונ פידיוינעס. מיט א באזונדערער קלאָרקיַט טרעט עס ארויס בא נאכמאנ פונ בראצלאוו דעמ צײַטמענטש פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע. ער פארגאָט באנוצנ זיכ אפילע מיט די מיטלאלטערלעכע כקירע־ספאָרימ, ער דערקלערט פאר כאָשעדיק אינ „קריטיק“ דעמ פאָשעטנ ייִדנ, וועלכער שטעלט פראגנ. כקירע אונ פראגנ קענענ פירנ צומ אומגלויבנ. די כסידימ האָבנ דעמלט אונ שפעטער באשולדיקט דעמ ווילנער גאָענ, דעמ אָנפירער פונ דער ראבאָנימ־קאסטע סאָפ XVIII יאָרהונדערט, אז ער איז שולדיק אינ דעמ, וואָס בא ייִדנ האָט זיכ פארשפרייט האסקאָלע.

דער כאסידיזמ האָט פארביטנ די טויִרע דורכנ גלויבנ אינ צאדיק, דעמ ראָוו דורכנ גוטנ ייִדנ. די נייטיקיַט פונ א קאָנצענטרירטנ קאמפ קעגנ דער האסקאָלע־מאגייפע פונ מיַרעוו האָט געפאָדערט פונ קלער שאפנ א מער סטאבילע אונ פעסטע קלער־קאסטע אונ הערארכיע. דער ראָוו, וועלכער איז געווענ א געוויילטער, אָדער געקויפטער פאָסטנ, האָט ניט געקענט מאָביליזירנ די קויכעס פונ דער ייִדישער רעאקציע אינ דער נייטיקער מאָס, ווי עס האָט געפאָדערט די שטורמישע צײַט, די ערנסטע געפאר, וואָס עס האָט געדראָט דער ייִדישקײַט. אָנשטאָט דעמ ראווינִיזמ מיט זיַנ לויזער ניט פעסטער אָרגאניזאציע וואקסט אויס דער צאדיקיזמ מיט זיַנ עכט פעאָדאלער סיסטעמ פונ יערושע־מאכט, פונ צאדיקישע הויפנ אונ דינאסטיעס, פונ אנ ארומכאפנ דאָס גאנצע ייִדישע וועלטל אפנ מיזרעכ מיט א פארצוויַגטער, אָבער איינהייטלעכער אונ פעסט געשמידטער צאדיקישער מאכט־סיסטעמ.

עס איז גאנצ קלאָר, אז דער טראָגנ אונ געבוירנ פונ כאסידיזמ איז געווענ

אײַנגעטונקט אינ טומע, אז זײַנ גאנצער קאמפ קעגנ קאָהאָל אינ נאָמענ פונ מאסנ, זײַנ גאנצע קלױמערשטיסע פאָלקישקײַט איז געװענ ניט מער װי דעמאגאָגיע אינ דינסט פונ א רעאקציאָנערער שטרעמונג. עס איז פארשטענדלעכ, אז די דובנאָװס אונ האָראָדעצקיס, די בערדיטשעװסקיס אונ צײַטלינס האָבנ זיכ אינ קאמפ מיט די רעװאָליוציאָנערע באָלשעװיסטישע פראָלעטארישע אידײענ פונ XX י. ה. גענומענ זיכ פאר דעמ לױבנ אונ באזינגענ פונ כאסידיזמ. עס איז אָבער אבסאָליוט ניט צו פארשטײנ װי קומט עס צו סאָװעטישע זשורנאליסטנ, זײ זאָלנ זיכ פארנעמענ מיט אידעאליזירנ דעמ כאסידיזמ. אונ אָט האָבנ מיר פאלנ, װענ מענ קלעפט צו דעמ שטעמפל פונ פלעבײיִשקײַט צו כסידישע סעקטעס, צו אײנער פונ די סאמע פינצ־טערע סעקטעס — צו די בראצלאװער. די כסידימ, װערט בא אונדז דערקלערט, האָבנ געהאט טיפע װאָרצלענ אינ... פאָלק. עס װערנ געבראכט קװאזי־דיאלעקטישע קאָנצעפציעס װעגנ דעמ, אז דער װעג צו װעלטלעכער קולטור, צו װעלטלעכקײַט ליגט דורכנ כאסידיזמ א. א. װ.

אײנ פלאָנטער שלעפט נאָכ זיכ דעמ צװײטנ. אויב כאסידיזמ איז די פאָרהױז צו װעלטלעכקײַט, אויב דער כאסידיזמ איז פאָלקיסטיש, װערט די האסקאָלע דער־קלערט פאר פאָלק־פרעמדלעכ. מיר באגעגענענ אזא מעשונע־װילדע כאראקטעריסטיק פונ די מאסקילימ װי „אָפגעריסענע צװײַגלעכ“, צו װעלכע „די פאָלקס־מאסע האָט זיכ באצױגנ מיט כשאד אונ אומצוטרױ“. פונװאנענ האָבנ זיכ גענומענ די דאָזיקע פרעמדע טערמינענ װי „אָפגעריסענע צװײַגלעכ“?... װעלכעס פאָלק האָט זיכ צו זײ באצױגנ מיט כשאד אונ אומצוטרױ? דאָס „פאָלק“ פונ מעלאמדימ אונ באטלאָנימ, װעלכע האָבנ לױט די ראבאָנישע באפעלנ געשריִענ „שקאָלעס ניע זשעלאיעמ“, פלעגנ פאר־מאסערנ די לערער אונ אופקלערער פאר דער פאָליצײ אונ זשאנדארמעריע, אָדער יענעס פאָלק, װעלכע האָט פונ זיכ אױסגעטײלט מיטהעלפער אונ מיטקעמפער פונ די מאסקילימ. דאָס האָט דער ראָװ אונ נאציאָנאליסט געשאפנ די סכעמע פונעמ פאָלק, װעלכעס איז טרײַ די שװארצע קלעריקאלע לאָזונגענ. עס איז גענוג באקאָנענ זיכ מיט די קאָרעספאָנדענצנ פונ ליליענטאלס רײַזע־באזוכנ אינ בערדיטשעװ אונ אנדערע שטעט (באשריבנ „אינ אלגעמײנער צײַטונג דעס יוּדענטומס“ 41—1840), איז צו זענ, אז ס׳איז אויכ געװענ א פאָלק, װעלכער האָט מיט נײַגעריקײַט אונ האָפענונג צוגעהערט זיכ צו ליליענטאלנ, דערװארטנדיק א נײַע ערע פונ בילדונג אונ גלײַכבארעכטיקונג.

מיר האָבנ א גרויסע אונ רײַכע ליטעראטור װעגנ אופקלערערײַ אונ װעגנ האס־קאָלע. מיר האָבנ די קלאסישע אָנװײַזונגענ פונ די גרינדער פונ מארקסיזמ װעגנ דער גרויסער ראָליע פונ די אופקלערער. מיר האָבנ די קלאסישע אָנװײַזונגענ פונ לענינענ װעגנ די אלגעמײנע אונ רוסישע אופקלערער. אינעמ װערק „פונ װאָס פאר א יערושע זאָגנ מיר זיכ אָפ“ אונ אינ א רײ קלענערע ארטיקלענ באלויכט לענינ די גרויסע ארבעט אונ פארדינסטנ פונ די אופקלערער פאר קולטור, פארנ באָלשע־װיזמ. לענינ באװײַזט די עכטע פאָלקישקײַט פונ די אופקלערער אונ די אנטיפאָל־קישקײַט פונ די פאָלקיסטנ.

עס איז נאטירלעכ, װענ די ייִדישע אופקלערער זײַנענ אינ אָנהויב געװענ א קלײנע מינדערהײַט. זײערע סאָנימ די פינצטערסטע עלעמענטנ האָבנ זײ דערקלערט פאר „אָפגעריסענע צװײַגלעכ“, פאר „צוימברעכער“. זײ די ערשטע זײַנענ געװענ

פיאָערנ אונ האָבנ זייער פיאָנערנ־ארבעט אָפגעטאָנ לויט זייערע פּייִקייטנ אונ מעגעכקייטנ, לויט די ראמענ אונ מעגלעכקייטנ פונ זייער קלאס אונ סוויווע. ווענ אינ די 60־ער יאָרנ רוקט זיכ ארויס די גרויסע פיגור פונ ייִדישנ ראדיקאלנ דעמאָקראט א. צ. קאָוונער אונ ער דערקלערט קריג דעם ייִדישנ ראבאָניש־באלעבעסלדיקנ געסוי־זעכ, ער באלויכט דעם ייִדישנ לעבנ מיט די גרויסע אידעאלנ פונ די רוסישע אופקלערער הויבט ער אָנ מיטנ לאָזונג — אופהויבנ אפנ פיעדעסטאל דעם פיאָנער פונ האסקאָלע י. ב. לעווינזאָנענ. ער דערקלערט, אז אינ די נייַע באדינגונגענ פונ די 6־ער יאָרנ באקומט לעווינזאָנ א נייַע אונ גרויסע, הערלעכע באדייַטונג. דער ראדקאלער דעמאָקראט זעצט פאָר די רומפולע ליניע פונ דער האסקאָלע.

די ייִדישע האסקאָלע האָט פונ אָנהויב XIX י. ה. אָריענטירט זיכ אפ דער גרויסער דעמאָקראטישער רוסישער קולטור, פונ די ערשטע גרופנ פונ די 20 יאָרנ צו די 60־ער אונ ווייַטער. די רעאקציע פונ די 80־ער יאָרנ, דער נאציאָנאלי־סטישער „האשיוויינו נאזאד״ האָט געפרובירט איבערייַסנ דעם ראָזיקנ בונד, ארָאפּ־שלעפנ די אופקלערערייַ אפנ וועג פונ נאציאָנאליזמ. דער לעניניזמ, אופנעמענדיק די יערושע פונ דער אופקלערערייַ, האָט דערקלערט א אומראכמאָנעסדיקנ קאמפ דעם ייִדישנ נאציאָנאַליזמ אונ די פיגורנ פונ די בעסטע מאסקילימ טרעטנ ארויס איצט פאר אונדז אינ זייער גאנצער גרויס. איז טאקע ניט צו פארשטיינ, ווי קומט עס מע זאָל איצט בא אונדז שרייַבנ וועגנ מאסקילימ ווי וועגנ א פרעמד געוויקס אונ וועגנ כסידימ ווי „אייַנגעוואָרצלטע אינ פאָלק, וועלכע האָבנ געהאט דעמ שליסל צומ הארצנ פונ פאָלקס־מענטש אונ אינ א באשטימטער מאָס געהאט א ווירקונג אפ דער אָרעמער פאָלקס־מאסע״.

מע וואָלט געקענט ברענגענ נאָכ פיל איליוסטראציעס. מע קענ נאָכ ביזנ הייַנ־טיקנ טאָג באגעגענענ בא אונדז כאַשעווע ליטעראטאָרנ, וועלכע דערשאצנ ניט די היסטאָרישע ראָליע פונ ייִדישנ קלער, פאטערנ אָפּ די פראגע מיט א וויצ, מיט דער פאָרשטעלונג, אז עס איז ניטאָ וועגנ וועמענ צו ריידנ — מיר האָבנ געהאט א מעלאמעד א טויגעניכטס אונ א רעוול א כניאָק. קיינ פויפסט איז בא אונדז ניט גע־ווענ, קיינ סינאָד אויכ ניט, אונזער קלער האָט ניט געהאט קיינ מאָנאסטירנ אונ קיינ לאנד-גיטער, האָבנ זיי, הייסט עס, קיינ ראָליע ניט געשפילט. אזא אייַנשטעלונג איז שעדלעכ אי פארנ פאנאנדערוויקלענ א פראָגראמ פונ קאמפ קעגנ נאציאָנאליזמ, אי פאר דער ליטעראריש־קינסטלערישער באלויכטונג פונ אונדזער פאר־רעוואָליוציאָ־נערער פארגאנגענהייט.

די געבראכטע איליוסטראציעס באווייַזנ די ריכטיקייט פונ דעם, וואָס מיר ווייַזנ אָנ אינ אָנהייב ארטיקל. עס דארפ נעמענ א סאָפ צו דער לייַכטזיניקער אינדיפערענטער באציִונג פונ אונדזער זשורנאליסטיק אונ פרעסע צו פראגנ פונ ייִדישער געשיכטע. עס דארפ פארשטארקט ווערנ דער שעפערישער בונד צווישנ די שרייַבער, פובלי־ציסטנ אונ היסטאָריקער. מע דארפ פארטרייַבנ פונ אונדזער זשורנאליסטיק די צע־כאָווע שטרעבונגענ. מע דארפ אופאסנ, ענדלעכ, אז געשיכטלעכקייט איז ניט אנ עפּי־זאָד, א צוגאָב־עלעמענט, נאָר א שטענדיקער פאקטאָר, וועלכער, ריכטיק באַלשעוויס־טיש אויסגעשטעלט, מאכט אונדזער ליטעראַרישע טעטיקייט פרוכטבאר אונ שעפעריש.

פונ רעדאקציע: דער ארטיקל ווערט געדרוקט אינ אָרדענונג פונ באהאנדלונג.

# אינהאלט

זײַט



רעדקאָלעגיע.

אָפּגעגעבן צום דרוק 72/X—39 י. אונטערגעשריבן צום דרוק 23/XII—39 י. צאָל דרוק-בויגן 6¼.
טיראַזש 2000. באַשטעלונג נום. 1081. גלאַוליטבעל 707.

דרוקעריי א. נ. סטאַלין—מינסק.

פרייז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (З О Р К А)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Мінск, Рэволюц. вул., 2.